יעקב לאַנין

# צו ליכט און פרייהייט

לידער

אַרויסגעגעבן פון
י. לאַנין בוך־קאָמיטעט
לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע
1965

41

# TOWARDS LIGHT AND FREEDOM

*Poems*

*by*

JACOB LANIN



PRINTED IN U.S.A.
1965

# דאַנק אויסדרוק

צום ערשטן וויל איך אויסדריקן זייער און זייער אַ וואַרעמען דאַנק צו מיין לעבנס־באַגלייטערין, העלען, וועלכע האָט מיך דערמוטיקט אַרויסצוגעבן דאָס בוך.

איך וויל אויך האַרציק באַדאַנקען די אַלע פריינט, וועמענס נעמען עס ווערן דאָ געדרוקט.

אַ ספּעציעלן דאַנק די מיטגלידער פון בוך־קאָמיטעט; דעם ל. שאַפּיראָ לייען־קרייז, און צו אַלע, וועלכע האָבן געהאָלפן, אַז דאָס בוך זאָל דערשיינען.

אַ באַזונדערן דאַנק צו חבר פ. טשערנער, פאַר די גוטע עצות און פאַר דער העכסט־פאַראַנטוואָרטלעכער קאָרעקטור פון בוך.

מיט ליבע און פריינטשאַפט,

**יעקב לאַנין**

---

דאָס בוך איז דערשינען מיט דער הילף פון פייגל אַבראַמאָוויטש, פון ניו־יאָרק, אין אָנדענק פון איר אומפאַרגעסלעכן מאַן און חבר

**הײמי אַבראַמאָוויטש**

(געשטאָרבן דעם 3טן מאַי, 1962)

---

## בוך־קאָמיטעט

| | |
|---|---|
| דוד קליגער, פּאָרזיצער | חברים לעוויטאַוו |
| נאַדיאַ לון, סעקרעטאַר | רפאל און שרה פאָזנער |
| רעגינאַ קאָטלער, קאַסירער | יאַניאַ פּאַלאַנסקי |

בתי שבע קרול

# ספּאָנסאָרס:

אַברהם און בערטאַ אַבראַמאָוויטש
ניו־יאָרק

לאה און מאָריס בלום
ראָוז און בען מאַרקיז
אַניוטאַ איגל
עלסינאָר

רבקה און מאָריס גרין
מעקסיקע

סאָפיע סטיין
סאַן פראַנציסקאָ

איוואַ און גאָס בערלינער
אָרעגאָן

פעני און מאַקס מעלאַמעדאָוו
נעלי און דזשעק קאָהען
דאָראַ און משה פּאָלאַנד
דאָראַ ביירעק
חוה ווײַנשטיין
ווענים, קאַליפ.



לאָס אַנגעלעס:

פרידאַ און סעם סנאָו
ל. שאַפּיראָ לייען־קרייז
ראָזע טענפילד
בעסי און דוד קליגער
נאַדיאַ לון
מאַניאַ קימעלפעלד
אַברהם סמיט
גיסיאַ אַבראַמאָוויטש
גאָלדע און יעקב טשערניצקי
שרה און וועלוול לעוויטאָוו
אייב און שאַרלאָט לעוויטאָוו
מאָריס און פעני בעראַן
דוד און זעלדע בעראַן
דר. פּאָול און וואַרדאַ אַלמאַן
שרה און רפאל פאַזנער
יאַניאַ פּאַלאַנסקי
יעטאַ האָפמאַן
דאָראַ סאַפּין

פרידאַ און היימי בעדרין
סאָניאַ דיינאָוו
איטקע קישנער
בת־שבע גריל
רעגינאַ קאָטלער
ראַכיל און לואי ליסט
דאָראַ און מאַרק מייזעל
גאָסי סאָרטאָ
פרענסיס און דזשיי גלאַזמאַן
מיני סמאָלאַר
ענאַ קעסנער
מיימי יאַשאַן
דר. מאָריס און פרידאַ לעוויט
חיים און מילדרעד לאָסניק
מאַניאַ און מאַקס ריטש
ראָוז ביידיטש
עספיר און ראָוז פיסאַקאָוו
אַבאַ און רעי אָוורוטין
עלקע און מאָריס בלאָט
עוועלין אַלעקסאַנדער
יעטאַ און אהרן טשאַריטאַן
ביטריס דעגלין
טילי און דזשאָו באָטעק
רינאַ פליישער
רחל און הערי גורעצקי
פעני און אַהרן קאָרץ
קיידי און היימאַן שלאָסבערג
בערל פערלמוטער
מיני און אַלעקס טאַרגאַן
בעל און דזשאָו טראַכטענבערג
עטל גינזבורג
דאָראַ און ישראל לאַקריץ
בען און ענאַ ליין
מערי ריטשמאַן
דזשאַנעט און אירווינג לאָסניק
ראָוז באַלאָט
לינאַ רומאַק
עמאַ לאַזאַרוס סאָטאָ קלוב
פּאָולין און מאָריס קאַפּלאַן
טייבע און מאיר פרידליין

# כ׳בין אַ קינד פון די אָרעמע מאַסן

כ׳בין אַ קינד פון די אָרעמע מאַסן,
וואָס מיען זיך שווער פאַרן שטיקל ברויט.
כ׳בין גוט באַקאַנט מיט זייערע פריידן,
מיט זייערע ליידן, צער און נויט.

איך האָב פון זיי מיין שפּראַך גע׳ירש׳נט,
פון זייער קוואַל מיין קראַפט געשעפּט.
פון זיי מיין אויסדויער געלערנט,
פון זייערע חלומות מיין חלום געוועבט.

און איצט, ווען איך בין רייף געוואָרן,
שפּראַך מיט בילדער אין זיך צעבליט,
צאָל איך זיי אָפּ פאַר אַלטע חובות
מיט מיין איינציק פאַרמעג — מיין ליד.

# בײַם ים

## ווי אַ יאַכט־שיף..

ווי אַ יאַכט־שיף אויף רוישיקע ים'ען,
מיט זעגל איינגעצויגן פון ווינט,
אויף כוואַליעס, וואָס לויפן און קומען,
לאָז איך זיך שווימען אַצינד.

וואוהין זאָל איך קערעווען מיין רודער?
זאָל זיין אַהין וואו עס ציט!
דער שטענדיקער אומרו פון ים'ען
צעברויזט אויך מיין אייגן געמיט.

כ'האָב ליב די וויגנדע תהומען,
דעם שוים־שפּיל, דעם רויש און דעם ברום.
ווי די מעווען — די ים־וואַגאַבונדן —
וואָס וואַנדערן ביים ברעג דאָרט אַרום.

# קינדער בײַם ים

מיט הויכע געשרייען
און גרויס טאַראַראַם,
עס שפּילן זיך קינדער
בײַם ברעג פונם ים.

מע קוליעט זיך איבער,
מע פליט אין געיעג;
צו־קליין איז די וועלט זיי,
צו־שמאָל איז דער ברעג...

מע וואַרפט זיך מיט פילקעס,
מע שפּילט זיך אין זאַמד,
די אייגעלעך פינקלען,
די בעקלעך צעפלאַמט.

און פּלוצים — אין וואַסער
אַ שפּרונג ביז די קני,
און ווידער צום ברעג־צו
אַ שווים און אַ פלי.

עס שמייסט זיי דאָס ווינטל,
עס בראָט זיי די זון —
אַ גאַנצע וועלט נחת
זיי שעפּן דערפון!

## ס'איז מיר שווער זיך צו באַפרייען

ס'איז מיר שווער זיך צו באַפרייען
פון דיין כישוף — ים.
ווי איין גוף, ווי איין נשמה,
און ווי קינדער פון איין שטאַם.

גלייך ווי דו, אַ ים, אין שטורעם,
איז מיין לעבן אין געיעג...
אָן אַ זין און אָן אַ ציל־פּונקט,
אָן אַן אָפּרו, אָן אַ ברעג.

כוואַליעט זיך אין מיר די בענקשאַפט,
ווי דיין רויש פון טיפן תהום;
קומען, גייען טעג און וואָכן,
ווי די כוואַליעס אין דיין שטראָם.

## ווידער כ׳בין צום ים געקומען

ווידער כ׳בין צום ים געקומען,
צו זיין רום און צויבער־פּראַכט,
און צוגלייך מיט זיינע כוואַליעס,
מיטגעטאַנצט און מיטגעלאַכט.

אויף די זילבער־זאַמדן זיינע,
פון זיין שאַרפן אָטעם, פייכט —
כ׳האָב מיט האַרציקע חברים
ביזקל האַלבער נאַכט פאַרבראַכט.

האָבן שטערן זיך צעצונדן
אין דעם ווייטן הימל׳ס הויך,
און דער ברעג האָט זיך פאַרצויגן
מיט געדיכטן נעפּל־רויך.

איז געבליבן מיר אַן אָנדענק ;
אָפּשטראַל פון באַזונטע טעג,
וועלכע מוטיקן און שטאַרקן
דורך מיין שווערן לעבנס־וועג.

## צו די פישלעך

קליינע פישער־שיפלעך
אויפן ברעג פון ים —
היט זיך פאַר זיי, פישלעך,
ווי פאַר בייזן סם.

זיי טראָגן ברייטע נעצן —
פאַר אייך אַ נאַרעריי;
כאַפּט זיך ווער אַריין דאָרט —
וועט קיינמאָל מער זיין פריי.

מיט דער ליבער היימאַט
מעגט איר זיך דאַן שיידן.
מ׳וועט אייך שוין פאַרפּאַקן,
מ׳וועט אייך שוין צעשניידן.

בראָטן אייך אויף די פענדלעך,
אָן רחמנות עסן,
אָן אייער ליבער היימאַט
מעגט איר דאַן פאַרגעסן.

היט־זשע זיך, איר, פישלעך,
פאַר די קליינע שיפלעך,
וואָס זעגלען אויפ׳ן ים.
זיי טראָגן מיט זיך נעצן
און אַנדערע מכשירים —
פאַר אייך — אַ טויט, אַ סם!

# וואַקאַציע

פאַרשוואַרצט, פאַרברענט
די פּיס, די הענט,
דאָס גאַנצע לייב.
ב'דערקען קוים זיך!
אַזוי ווי איך —
מיין קינד און ווייב;
דאָך איז אַלצדינג
מיר ליב און שיין.
איך נעם פון לעבן,
וואָס איך קען.
איך באָד זיך צוויי,
דריי מאָל אַ טאָג,
און יעדן טאָג
געווין אין וואָג.
איך גיי צום „פּיער",
איך שפּיל אין „באָל",
מיט אימפּעט לויף
צום טאַנץ אין „האָל".
בקיצור, כ'לויף
אַהין, אַהער,
און וואָס איך טו
איז מיר ניט שווער.
איך שליידער געלט
אויף לינקס און רעכטס,
ניט געבנדיק
קיין זיפץ, קיין קרעכץ.
אויב לעבן — טאָ
זאָל זיין געלעבט!
איך האָב שוין לאַנג
צו דעם געשטרעבט.

# כ׳ליג אַזוי זיך אויפ׳ן זאַמד

איך ליג אַזוי זיך אויפ׳ן זאַמד
און פיל ~~אומעטיק~~ סתם, [illegible]
געקושט, געוואַרעמט פון דער זון,
געפרישט, געקילט פון ים.

כ׳שלים אין רו די אויגן צו,
ס׳פנים צום זאַמד אַראָפּ,
און פיל אַ צאַרטע פרויען־האַנט
מיט ליבשאַפט גלעט מיין קאָפּ.

כ׳הער פיל שטימען אַרום זיך,
געלעכטער וואו ניט וואו;
דאָך מאָדנע! שטימען ביי דעם ים
שטערן ניט מיין רו.

איז עפּעס ליב דאָס לעבן מיר,
און ס׳האַרץ זינגט לויב צו גאָט —
פאַר זיין באַשאַף פון ערד און ים,
און מיך אויך זיין באַראָט.

און פאַר דער גרויסער פרייד פון זיין,
פאַר ביטער און פאַר זיס,
און פאַר דער ליבשאַפט פון דער פרוי —
פאַר אַלץ וואָס איך געניס.

## זיין וואָלט איך אַ מעווע

זיין וואָלט איך אַ מעווע,
אַ טרייער קינד צום שטאַם,
וואָלט איך זאָרגלאָז שוועבן
רונד־אַרום דעם ים.

געשיצט פון שטורעם־ווינטן,
אויף די פעלזן פעסט;
כ׳וואָלט געמאַכט אַ היים דאָרט
און געבויט מיין נעסט.

אויף אַ מאַסטבוים שלאַנקן,
ברויזנדיק מיט פרייד,
גריסן אַלע שיפן
און אַלעמען באַגלייט.

כ׳וואָלט אימפּעטיק זיך יאָגן
נאָך אַ פישערס באַרזש,
רויבן וואו עס לאָזט זיך,
דרייסט, מיט פיל קוראַזש.

אָדער גאָר אַ פלי־טאָן
מיט פילע פונם שטאַם;
זעגלען אויף די כוואַליעס,
הוידעלקעס פון ים.

כאַפּן ווען אַ פישל,
אַ צאַפּלדיקס, אַ פרישס,
און געפּראַוועט סעודה
אויפן וואַסער־טיש.

און פון זונען־אויפגאַנג
ביזקל זון־פאַרגאַנג
כ'וואָלט די לופט פאַרקלונגען
מיט מיין קראַ־געזאַנג.

זיין וואָלט איך אַ מעווע
מיט אַ האַרץ ווי פלאַם;
וואָלט איך זאָרגלאָז שוועבן
רונד־אַרום דעם ים.



## דער פאַרליבטער ים

אין שוואַרץ־גרוי פון וואָלקן־וואַלן,
פאַרדעקט נאַכט פרינצעסין־לבנה
איר בלאַסן, פאַרטרוימטן געזיכט.
און דער ים — ווי אַ לעגענדאַרישער פרינץ,
זינגט איר פון אייביקער ליבע און פליכט.
ער שווערט איר זיין האַרץ און זיין טרייהייט,
פאַרשפרעכט: זיין אַ פרייַנט אין דער נויט,
בעט: „אַנטפלעק נאָר דיין פנים, געליבטע!
פאַר דיר, יעדן קרבן צו ברענגען כ'בין גרייט!"
ס'באַגלייט דאָס געבעט פון זיין האַרצן
פון כוואַליעס דער ריטמישער קלאַנג;
גרייכט דער פרינצעסינס געהער, וועקט,
רופט מיט זיין סערענאַדע־געזאַנג.
און לאַנגזאַם, פון אונטער איר שלייער,
אַנטפלעקט די בת־מלכה איר געזיכט,
און דעם ים, דעם בן־מלך, באַגליקט זי
מיט איר שמייכל פון ליבשאַפט — איר ליכט.

# קריגס-שיפן

קריגס-שיפן, גרויע געפאנצערטע ריזן,
שומרים געטרייע פון געלן מעטאל!
וואכזאמע וועכטער ביי טויערן פון לענדער,
איר היט־אפ פארמעגנס פון גרויס-קאפיטאל.

קריגט איר באפעל נאר פון הערשער — ז'ווי יאגד־הינט
אויף חיות, איר לאזט זיך געוואגט איבער ים.
הארמאטן געלאדן אויף טורעמס, אויף דעקן,
גרייט צו פארניכטן, צעשטערן מיט פלאם.

מאדערנע פיראטן, א דינער פון טייוול!
עס איז אייער אויסזען געלאדן מיט שרעק.
הויבט איר אן רעזוען, ווען קריג זיך צעפלאקערט,
דאן שוידערן לענדער ארום דעם ים'ס ברעג.

# וועזוואוויוס

איר קענט דאָך אַלע יענעם באַרג,
וואָס שטייט דאָרט לעבן ים —
בייטאָג געהילט אין בלויען רויך,
ביינאַכט — אין גאָלדענעם פלאַם.

אין זיין האַרץ אַ גיהינום ברענט
און שמעלצט אַלץ אין זיין תהום.
שפּאַרט פון דאָרט אַ גאַזן־גיפט,
צעגליטער לאַווע־שטראָם.

גיסט זיך לאַווע באַרג־אַראָפּ...
און אַלץ וואָס ס'שטייט אין וועג —
פויגל, חיה, פלאַנץ און מענטש —
פאַרניכטעט ווערט אין שרעק.

ס'קאָכט דער ים אויף מיילן ווייט,
ס'ציטערט, ס'קראַמפּט די ערד.
עס דאַכט: גאָט אַליין פאַרמעסט זיך דאַן
מיט זיין פאַרוויסטונג־שווערד.

דאָך מערסטע צייט ער דרעמלט נאָר,
און שפּיגלט זיך אין ים.
בייטאָג געהילט אין בלויען רויך,
ביינאַכט — אין גאָלד'נעם פלאַם.

און וואו די לאַווע האָט פאַרוויסט,
איצט בליען גערטנער פיל,
און ס'הילכט דאָס ליד פון מי און פרייד
אין קרעפטיקן לעבנס־שפּיל.

# פאַראַן דאָרט אַ הערלעך ווינקל

געווידמעט צו פייגל אַבראַמאָוויטש

פאַראַן איז דאָרט אַ הערלעך ווינקל,
אין גאָרטןביים ים,
וואוהין ס׳ציט מיך און טראָגט,
ווי אַ פאַרשפּעטיקטע מעווע
צו איר פליענדן שטאַם.
בין איך אָפט אַ גאַסט דאָרט
און מיט אַנטציקונג באַטראַכט,
ווי רחבותדיק, גבורהדיק און שיין איז דער ים!
— די נאַטור־קראַפט, וואָס רוט ניט קיין רגע
און ווייסט פון קיין שטער און קיין צאַם,
און וועקט אין נשמה געפילן
און פאַרלאַנגען אומדערקלערבאַרע,
וואָס זיינען פול מיט כישוף און טעם.

# אַדיע, דו, בלויער ים!

אַדיע, דו, בלויער ים!
דו מעכטיקע סטיכיע —
ווי פיינלעך ס'איז פאַר מיר
צו שיידן זיך מיט דיר!
דו, אַ קינד פון אייביקייט,
בלייבסט אַ מוטיקער אַזאַ,
צו כוואַליען זיך און שטרעבן —
און איך, פאַרגענגלעך מענטשן־קינד,
מוז זיך אומקערן צוריק,
צו דער גרויער ווירקלעכקייט פון לעבן.
פון די רגעס רו און פרייד
ביי דיינע קילע ברעגן,
צוריק צום דושנעם שאָפּ
און קרומע מענטשנס וועגן;
צוריק צום דריקנדיקן יאָך
און ביטערן קאַמף מיט נויט,
וואָס סמ'ט אַזוי מיין זיין.

— — — — — — — — — —

אַדיע, אַ שטאָלצער, פרייער ים!
די לעבנס־פליכטן רופן מיך
צו נייע זאָרגן, קאַמף און פיין.

## אַ זומער־טאָג בײַם ים

ים־פֿייגל, ווייס און גרוי,
שטייגן צום לאַזורן־בלוי,
און מיט ווילד געשריי, פֿאַרשייט,
ווערן נעלם אין דער ווייט.

אין אַ רגע, אָדער צוויי,
ווידער פֿלאַטערן שוין זיי.
און באַלד, דער גאַנצער מעוווען־שטאַם
זעגלט אויף דעם פֿלאַך פֿון ים.

דאָרט, ניט ווייט פֿון פֿישער־בריק,
צוגעקניפּט אויף דיקע שטריק,
וויגט אַ שיף זיך הין־און־הער,
ווי אין האַרצן אַ באַגער.

אויפֿן זאַמד־פֿלאַך, גאָלדיק־העלן,
נעבן שפּילעוודיקע וועלן,
בונטע זון־שירעם געצעלטן,
נעסטלען אין זיך מענטשן־וועלטן.

פֿיל־קאָלירנדיק צעזייט,
מענטשן־וועזנס, קינד און קייט,
טרינקען ביי דעם רויש פֿון ים
פֿולע הויפֿנס זונען־שיין.

# אין אַ בלוילעכן אָוונט בײַם ים

ווי אַ חלום פון אַ טרוימער,
אין אומבאַפלעקטער פּראַכט,
שוועבט אַ שנייאיק־ווייסע מעווע
אין בלוילעכן פאַרנאַכט.

פאַלט אַ שאָטן פון איר קערפּער,
גליטשט זיך איבער ד׳רערד,
אָט צעוואַקסט זיך לענגער, דינער,
און ווערט צונישט, צעשטערט.

ס׳רוט די זון ווי אַ בת־מלכּה
אין איר ליכטיק צעלט;
ס׳ציטערט נאָר איר ראָזע בלאַסקייט —
אַ זײַ־געזונט דער וועלט.

שטערן אײַנציקווײַז זיך צינדן,
גריסן זיך אין רוים,
און די שײַן פון דער לבֿנה
זילבערט פּערל־שוים.

אָט, אַ שיף איז אויסגעוואַקסן
אויפן האָריזאָנט,
ווי אַ מאַגיש וואונדער־זעאונג,
ווייט און אומבאַקאַנט.

ס׳איז דער ים מאַיעסטעטיש־רואיק,
רוישט נאָר מילד אַזוי,
קושט און צערטלט זײַנע זוימען
אינעם אָוונט־בלוי.

## נאַכט קומט אָן בײַם ים

אויפ׳ן געבערגלטן בוזים פון ים,
געפּאַסט אין אַ בלויער האָריזאָנטן־ראַם,
מיט זעגל צעוויקלט, אויפגעפּראַלט,
שפּראַצט־אויס אַ גראַציעזע שיף־געשטאַלט.

די זון שיסט אויס איר לעצטן פייערווערק,
און טיפער זינקט אין צונטער־רויטן בלוט.
אין שטומען, גסיסהדיקן „זיי־געזונט״
שטאַרבט־אָפּ דער לעצטער אָוונט־גלוט.

ווי ווייסע שאָטנס פון אַ מיסטיש וועלט,
טראָגן זיך טומללאָזע מעוועס אַרום.
לאַנגזאַם פאַרציט די נאַכט איר וואוואַל
און אַלץ אַרום ווערט קאַלט, ווערט שטום.



## אין אַ שפּעטער שעה בײַם ים

בלאַסע, מאַטע ליכטער
פינטלען ווי דורך רויך;
לאַמטערנעס אויף די גאַסן,
שטערן אין דער הויך.

נעפּל און אַ שטילקייט
הילט די וועלט אַרום,
פון׳ם ים נאָר טראָגט זיך
אַ פאַרשטיקטער ברום.

גיי איך מיר צום ים צו,
שפּאַצירן אויף זיין ברעג,
טרעף איך פיל געשטאַלטן
אויף מיין שמאָלן וועג.

שפּיר איך פּילע בליקן,
פולע מיט פאַרדאַכט,
שטעכן דורך די שטילע
פינצטערניש פון נאַכט.

עפּעס ווערט ניט־היימלעך,
כ׳וויל שוין גיין צוריק,
דאָך איך שפּאַן אַלץ ווייטער
צו דער פישער־בריק.

אַט דערגרייכט זיין ברעג שוין,
זוך אַ רו־פּלאַץ אויס.
אונטן שלאָגן כוואַליעס,
כ׳הער אַ פּאַטש, אַ שטויס.

ס׳ברומט דער ים זיין וויג־ליד,
אַ זיסער שלאָף מיך ציט.
און פון ווייט אַ פייערל
טוקט זיך און פאַרגליט.

— — — — — — — — —

טוקט זיך און פאַרגליט.

# דער פּאַליסאַד

ביים ראַנד פון סאַנטאַ מאָניקאַ,
וואו בערג מיט ים זיך טרעפן;
אין אָט דעם ליבן ווינקל פון שטאָט,
אויף טעראַסן, טורעם-פּאָרמיקע,
דעם ברעג — גאַרטלט אום אַ פּאַליסאַד.
— דאָס איז אַ מין גאָרטן ביים ים,
וואָס שטרעקט זיך אויף מיילן צוויי, דריי.
קומען מענטשן אַהין צוגיין,
צו פאַרברענגען אויף דער פריי.
צווישן זיינע שאָטנדיקע אַלייען
שלענגלט זיך אַ פּראָמענאַד-וועג,
וועלכער מאַניעט, רופט שפּאַצירן:
„עך! קורץ זיינען די זומער-טעג!
אין דער מיט פיל גרינע לאָנקעס,
דענקמאָלן דאָ און דאָרט.
אויך בלומען-בייטן אָן אַ צאָל.
ס׳גריסן טויבן גאַנצע סטייעס,
און שטאָלצע מעוועס — פון מאָל צו מאָל.״
פאַרנעמען מענטשן זיין כישוף-רוף
און מען שפּאַצירט הין־הער.
באַפרייט פון אַלע זאָרגן און אַלץ,
וואָס ס׳געמיט מאַכט שווער.
דערפרישט פון ים-לופט דערקוויקנדער
און פון פריידיקן אַרום,
פילט מען זיך אַזוי יום-טובדיק!
דאַכט זיך: פּלוצלונג אַלע געוואָרן פרום!
מ׳הייבט בליקן צום הימל לויטערן
מיט אַ ברכה און לויב-געזאַנג,
פאַר פּראַכט און רחבות פונם ים,
פאַר בערג, אין נעפּל-זייד פאַרצויגענע,
אין דער זונס הערלעכן פאַרגאַנג.

# דער ליכט־טורעם

אויף אַ פעלזנשטיין ביים ים
שטייט אַ ליכט־טורעם איינזאַם,
און וואַרפט העלע פאַסן־שיין
אין דער פינצטער נאַכט אַריין.
וואָרנט שיפן דאָ און דאָרט
זיך צו היטן פונם אָרט,
וואו עס לויערט די געפאַר.
האָט דער ים אים פיינט דערפאַר:
„אַזאַ אָנשיקעניש, אַ קללה!
ווער וואַגט עס זיך אַריינצומישן
אין מיין אומשטרייטבאַרער ממשלה?"
און ער באַפעלט זיין פירער־שטורעם,
און די כוואַליעס, זיינע מחנות,
דעם חוצפהדיקן ליכט־טורעם
אָפּצוראַמען פונם וועג.
שטורעמען כוואַליעס נעכט און טעג,
מיט רציחה וויים־צעזאָטן;
שוימען, קלעטערן אויף שטיינער,
און ווערן באַלד אויף שטויב צעשאָטן.
נאָר דער ליכט־טורעם, דער טרייער,
שטאָלצער וועכטער, קאָפּ געהויבן,
וואַרפט געטריי זיין העלן שיין
אין דער פינצטער נאַכט אַריין
און וואָרנט זיינע שיפן־פריינט
פאַר די ריפן זיך צו היטן
און פון אַנדערע ווּיסטע פיינט.

# באַלד וועט זיך די זון באַווייזן

באַלד וועט זיך די זון באַווייזן,
וועלן שווערע כמאַרעס זיך צעגיין.
וועסט באַלד קומען, ליבסטע מיינע,
שטילן מיר מיין האַרצנס ווייען.
מיט דיינע צאַרטע קאַרשן־ליפּן
און מיט בליקן פון נחמה,
וועסטו טריפן באַלזאַם־טראָפּנס
אין מיין שמאַכטענדער נשמה.
היילן וועלן זיך די וואונדן,
שטאַרקן וועלן זיך די גלידער,
און מיט פרישן מוט און גלויבן,
וועל איך זינגען מיינע לידער,
פון דעם מענטשנס העכסטע פריידן,
פון זיין טיפסטן שמאַרץ און פּיין,
וועלכע לינדערן נשמה׳ס וואונדן
און דרינגען טיף אין האַרץ אריין.

## צוליב וואָס?

וואָס טויג פאַר דיר מיין ליד,
ווען אַלץ וואָס נאָבל איז און שיין,
פאַרקערפּערט איז אין דיר אַליין?

אונזער ליבע, ליבסטע מיין,
איז ווי אַלטער, שטאַרקער וויין,
וואָס באַהאַלטן ליגט אין קעלטער,
ווען מען ווערט שטייגט מיט זיין עלטער...



## מיין ליבסטע האָט פאַרפלאַנצט אַ גאָרטן

מיין ליבסטע האָט פאַרפלאַנצט אַ גאָרטן
פון ביימער, בלומען אַלערליי;
איך האָב געבויט אין גאָרטן שטעגן,
און מיט זאַמד באַפּעסטיקט זיי.
ווען צייט פון בליאונג איז געקומען
האָבן די בלימעלעך פרום
צאַרטע קעפּעלעך געבויגן;
באַלזאַם-דופט געשפּרייט אַרום,
און ביימער, רייך מיט פּירות און שאָטנס,
פאַרשאַפט פיל נחת אונז און רו,
ווייל די פייגעלעך אין די נעסטן
געבענטשט מיט לידער אונזער מי.

## אין אַ זומער־טאָג אַ הייסן...

אין אַ זומער־טאָג אַ הייסן,
ווען די זון גליט־אָן די שטיינער,
שוויים און שטויב קלעפּט זיך צום קערפּער,
מידקייט דרינגט אין אַלע ביינער,
גוט איז דאַן זיך לאַנג צו באָדן
אין דערפרישנדיקע כוואַליעס.

ווען דאָס לעבן דריקט צום שווערסטן,
ליידן מער ניטאָ קיין כח,
קוואַל פון האָפענונג אויסגעטריקנט,
פוסטקייט הערשט אין האַרץ און מח —
ליב איז מיר דאַן אָפּצורוען
אין דיין שויס, מיין טרייע העלען.

אין דיין נאָענטקייט און צויבער
פון דיין גאַנצן ליבן וועזן,
וואָס פאַרלייכטערט מיינע שמערצן,
ברענגט דערפרישונג און דערלייזונג.

## פאַר מיר דאָס גאַנצע לעבן

פאַר מיר דאָס גאַנצע לעבן —
ניט מער ווי אַ נאַרעריי,
וואָס דויערט בלויז אַ רגע,
אַ בליאַסק — און שוין פאַרביי.

דאָך וויל איך אין דער רגע,
אפילו ווען גענאַרט,
אַלץ גלויבן: כ׳בין אַ דיכטער,
און דו — מיין ליבסטע — צאַרט.

דו שאַפסט פאַר מיר באַגייסטערונג,
ניט ווויסנדיק דערפון;
איך זינג מיין ליד דיר, ליבסטע —
אַמאָל פון אַן אַנדערן מין.

און ליב איז מיר דאָס לעבן,
די רגע פון מיין זיין,
ווען דו ביסט מיר נאָר נאָענט —
מיין העלער זונען־שיין!

## זינג פאַר מיר

זינג פאַר מיר א וויג־ליד, ליבסטע,
זינג מיט צערטלעכקייט אין קול;
זינג, ווי ס'פלעגט מיין מאַמע זינגען,
אין מיין קינדהייט פון אַמאָל.

איך געדענק מיין אָרעם צימער,
און פון לאָמפּ דעם בלאַסן שיין;
איך געדענק איר זיסע שטימע —
ליכטיק זאָל איר אָנדענק זיין!

זינג־זשע, ליבסטע, מיר א וויג־ליד,
זינג מיט צערטלעכקייט אין קול;
זינג, ווי ס'פלעגט מיין מאַמע זינגען,
אין מיין קינדהייט פון אַמאָל.

זינג, כ'זאָל קענען זיך פאַרגעסן
אָן מיין גרויען צער און פּיין,
וואָס מיין שווערער גורל שענקט מיר
דורך דעם גאַנצן לעבן מיין.

# אַ גרוס פון וועג

פאַרביי מאַראַנצן־גערטנער,
הייזער, באַרג און פעלד,
טראָגט אַ מעכטיקע מאַשין מיך
צו מיין פרייד־געצעלט.

כ׳ווייס: זי וואַרט דאָרט, מיין נחמה,
כ׳האָב געהאַט פון איר אַ גרוס.
שרייבט זי: „קום צופאָרן, ליבסטער,
ועסט ניט האָבן קיין פאַרדרוס.״

וואָס ס׳פאַרשפּרעכט מיר מיין געליבטע,
ריכטיק איז, יאָ, ריכטיק וואָר:
איך וועל היינט שוין קושן קריגן,
סטאַיען וועט אויף פילע יאָר.

בין איך ניט קיין פוילער בחור,
לויף און דינג מיר אַ מאַשין,
און איך פלי, פון אָדלער שנעלער,
צו מיין ליבינקער אַהין.

דער שאָפער, אין פאַך אַ מזיק,
צייגט, וואָס ס׳קען זיין אויטאָ טאָן!
ס׳פליען פונקען פאַר די אויגן...
צו איר שוועל באַלד קום איך אָן.

# מיין ווירטין

ווען איך באַטראַכט מיין אָרעם הויז,
ווי יום־טוב׳דיק דאָרט קוקט אַלץ אויס,
ווי יעדער צימער איז אויפגעראַמט,
ווי מיין קינד איז פאַרפּוצט, פאַרקאַמט,
ווי עס באַצירט מיין טיש אַ בלום
און חן צעגאָסן איז אַרום;
און זע די ווירטין פון מיין הויז
אַליין צעבליט ווי אַ רויז —
ווייס איך וועמעס פלינקע האַנט
ס׳האָט דאָ געאַרבעט נאָכאַנאַנד:
ס׳איז זי, מיין פרוי, מיין צאַרטער פריינט,
וואָס האָט מיין אָרעמקייט באַשיינט.

— — — — — — — — — —

בעט איך דאַן צו גאָט דערפאַר,
ער זאָל דערלייזן זי פון צער.

# אין אַ זומער־נאַכט

געטוליעט צו מיר זיצט מיין ליבסטע,
ווי וואונדערלעך־שיין איז די נאַכט!
ווי הערלעך עס שיינען די שטערן,
די לבנה — פאַרבענקט און פאַרטראַכט.

אין חלומות פאַרזונקען די ביימער,
אַ שטילקייט געהיימע אַרום.
עס דרעמלען פאַרכישופט און שוויגן,
געטוליעט אַ בלום צו אַ בלום.

עס שפּאַרט זיך דאָס ליכט פון לאַמטערן
דורך צווייגן און בלעטלעך גרין,
און מאָלט אוים גינגאָלדיקע אוזאָרן
מיט עפּעס פאַנטאַסטישן זין.

אָ, טוליע צו מיר זיך, מיין ליבסטע,
דיין קאָפּ אויף מיין שוים לייג אַוועק.
כ׳וועל זינגען אַ ליד דיר פון בענקשאַפט,
פון אַ נאַכט, וואָס איז שיין אָן אַ ברעג.

# נאַכט־אַרויספאָר

ברייט דער וועג און גלאַטיק,
אַ מאַשין — אַ פּראַכט!
פול מיט רייץ און כּישוף
די שטערנדיקע נאַכט.

צווישן פעלדער, גערטנער,
שפּרייט אַ וועג זיך ווייט;
מיין געליבטע, טרייע,
טוליעט זיך ביי דער זייט.

כ'נעם זי היים אַרומעט.
היידאַ, שאָפער מיין!
צו דער בלויער ווייטקייט,
אינעם וועג אַריין.

פלינק־צעיאָגטע רעדער
שלינגען מיילן איין.
יאָגט אונז נאָך לבֿנה
און דער שטערן־שיין.

נו, פאַרצי אַ ניגון,
וואָס באַרוישט ווי וויין.
זאָל די וועלט אַרומעט
אונז מקנא זיין!

# אָ נעם, ליבסטע מיין, דיין גיטאַרע

אָ נעם, ליבסטע מיין, דיין גיטאַרע
און שפּיל מיר אַ חסידישן ניגון,
איך זאָל, ווי אַ שיף אויף די כוואַליעס,
אין אַ ליכטיקן חלום זיך וויגן.

אָ, שפּיל מיר אַ חסידישן ניגון,
וואָס זאָל מיר דערקוויקן די גלידער.
כ'האָב ליב דאָס התלהבותדיקע טאַנצן
פון פרומען, גאָטספאַרכטיקן אידן.

ווען ליכטיק און פריי און דערהויבן,
פון תורה, וואָס גיסט זיך ווי ווײַנען,
דערהויבט זיך צו עולמות עליונים,
אַריבער די זאָרגן און פּיינען.

מיט מוח און האַרץ אין התפּעלות,
מיט ברענענדע אויגן ווי פייער;
ער שוועבט מיט די פּאַלעם צעלאָזטע,
פון צרות און דאגות אַ פרייער.

און טאַנצט און ער זינגט פול מיט דבקות:
„אָ גאָטעניו, האַרציקער, ליבער,"
און שוועבט אַלץ און שטייגט אין מחשבות
איבער באַרג, איבער וואַלד, איבער שטיבער.

אָ, נעם, ליבסטע מיין, דיין גיטאַרע
און שפּיל אַ חסידישן ניגון,
איך זאָל, ווי אַ שיף אויף די כוואַליעס,
אין אַ ליכטיקן חלום זיך וויגן.

# צו נאָענטע, פריינט
# און באַקאַנטע



## פרומעלע

מיין יונגסטע פריינדין פרומעלע —
אַ מיידל פון זעכצן יאָר,
בליט ווי אין סאָד אַ בלימעלע,
מ'זעט עס דייטלעך קלאָר.

זי איז אַ קלוגע מיידעלע,
זי רעדט ניט זייער פיל;
באַשיידן איז איר קליידעלע
און פול געשמאַק, געפיל.

באַהאַוונט פיין אין שפּראַכן,
שפּילט אויך פּיאַנאָ פיין;
זי קען אַ שפּאַס אויך מאַכן,
געזונט זאָל זי נאָר זיין!

און פול איז זי מיט טוגנט,
וואָס שטראַלט דורך אויגן צוויי.
זי איז די „בלום פון יוגנט",
וואָס איז אונז ליב אַזוי.

## די שטיפערקע

כ׳וועל פרובירן מאָלן
אַ קינדעריש געשטאַלט:
אַ מיידעלע אַן אויסנאַם,
פון פינף־זעקס יאָר אַלט.

אייגעלעך העל־בלויע,
ברוינע לאָקן האָר,
איר פאַרריסן נעזל,
אַ חנעוודיקס ביז גאָר.

אַ קינד, אַ הויך־באַגאַבטע,
טאַנצט זי, זינגט און שפּילט;
פון אירע רעציטאַציעס
אַ טעם גן־עדן מ׳פילט.

זי איז אַ גרויסע שטיפעריין,
איינע אין דער וועלט!
פון די טיפסטע טיפעניש׳ן
איר ענערגיע קוועלט.

אָט איז זי אין שלאָף־צימער,
באַלד אין קיך, אין זאַל;
ווי אין וואַלד אַ וועווריקל,
שפּרינגט זי איבעראַל.

האָבן טאַטע־מאַמע
צרות אויפן פוד;
איבערהויפּט איר באָבע
טענהט: „ס׳איז ניט גוט!״

„וויים איך וואָס זי טוט דאָרט!
וואָס האָט עס געטויגט?
איר האָט אויף אָט־דעם מזיקל
אומזיסטע מי געלייגט.“

ווער איז דאָס קינד, ווילט איר וויסן,
האָט געדולד ביזן סוף: —
אָט דאָס ליבע מזיקל
איז — וואַרדאַ מעליצאָוו.

# אַ ווידמונג צו אונזערע חברים — די זעלנער

ווען דער ים צעקאָכט זיך ביז צום טיפֿן גרונט,
און ווי טויזנט חיות שרייט און ברומט דער ווינט —
ווער קען עס אונז זאָגן, וואָס עס קען פּאַסירן
מיט דער שיף דער גרעסטער און אירע פּאַסאַזשירן?
עס קען זייער גענן, אַז דורך גרויל און שרעקן
זאָל ים, דער אויפגעברויזטער, אויף אייביק זיי באַדעקן.
כאָטש ס'קען אויך טרעפֿן, ווי שווער זאָל ניט זיין דער וועג,
זאָל דער שיקזאַל זיי ברענגען צו דעם געוואונטשטן ברעג.

— — — — — — — — — — — — — — —

גיט־זשע זיי די ברכות — אייער וואונטש פאַר גליק,
ווייל שיף צום גאַנג שוין פאַרטיק —
מ'בינדט אָפּ די קייט און שטריק,
און מ'שלעפּט דעם אַנקער שוין, און דער וועג איז ווייט,
און דער ים ז'ווילד־ברוגז... און דער ווינט — ער שרייט!

# באַב און דזשאַן

באַב און דזשאַן — קאָלעגן מיינע,
זיינען יונגע מעקסיקאַנער.
באַב — אַ טיפּישער זון פון זיין פאָלק,
און דזשאַן — גאָר ענלעך צו אַפריקאַנער.
ביידע זיינען זיי אַטלעטיש געפורעמט,
און ביידע פאַרקאָכט אין פאַרשיידנסטע ספּאָרטן.
באַב קאָקעטירט מיט שניפּסן און העמדער,
און דזשאַן — מיט דאָן־זשואַנישע וואָנצן,
און... ביידע פאַרכאַפּט פון דעם שיינעם געשלעכט.
און דאָ הייבט זיך אָנעט די אמתע צרה! —
דזשאַן האָט נעבעך ביי פרויען קיין דערפאָלג ניט,
און פאַר באַב'ן ווערן זיי די כפּרה.
עס קלינגלט כסדר דער „פאָן" נאָר פאַר באַב'ן.
מען לאָזט אים ניט אָטעמען, רוען, ניט לעבן.
ברענט עס, פאַרשטייט זיך, מיט אייפערזוכט דזשאַנען
און וויל אים צום טויט אַזש אַ יונגן פאַרצערן.
נאָר קוים גייט דער אייפערזוכט־ברען אים אַריבער,
ווערט מען באַלד ווידער איין הארץ און נשמה:
מען לאַכט און מען שפּאַסט, ווי געוועזן, אויפן קול שוין
און מען האָט די גאַנצענע וועלט אין דער אדמה...

## יאָסל דער שערער

יאָסל דער שערער,
(זייט מוחל מיין שפּאַס)
מ׳זעט אים שפּאַצירן
גאַנץ אָפט אויף דער גאַס.
אין גרויען פּרימאָרגן,
אין אַ בלויען פאַרנאַכט,
ער טרעט אַזוי לאַנגזאַם,
מעלאַנכאָליש פאַרטראַכט.
אַביסל געהויקערט,
אַ פופציק יאָר אַלט.
אַ קאָפּ גאָר אַ גרויסער
באַצירט זיין געשטאַלט.
די האָר שיטער־גרוילעך
פאַרקעמט אינדערמיט,
אַ היפּשלעכע נאָז אויך —
אַ בכבודיק גליד.
אַ מאָדנער פאַרשווינדל
פון מיטעלן וואוקס,
אַ פּנים דריי־עקיק,
זיין בליק — פון אַ פוקס.
זיין גייסטיקער אינהאַלט ?
מ׳מוז זיין גערעכט :
באַהאַוונט אין ענגליש,
קען דייטש אויך ניט שלעכט.
ציטירט שאָפּענהויערן,
פון ניטשע געדענקט,
אויך אַנדערע גדולים
באַמערקונגען שענקט.
גאָר מער פון די אַלע
אין קדושה פאַרהילט —
שעקספּיר — ס׳איז זיין פידל
אויף וועלכן ער שפּילט.

ער בראָקט גאַנצע פסוקים,
גאַנץ גלאַט צוגעטראַכט,
ער ברענט מיט התלהבות
פון אים טאָג און נאַכט.
ביז דער אָרעמער צוהערער,
פאַרחלשט פון הערן,
פאַלט אין אָנמאַכט.



## BON VOYAGE

צו מיימי יאַשאַן

מיר האָבן זיך, חברים,
פאַרזאַמלט דאָ היינט:
זאָגן אַ „צאתך לשלום"
צו אונזערן אַ פריינט.
איר ווינטשן אַ גליקלעכע רייזע,
וואו זי זאָל ניט זיין;
נו, פריינט, צו די גלעזלעך
מיט שוימיקן וויין!
באַגלייט זי מיט ברכות,
מוזיק און געזאַנג,
זאָל דער אָפּשייד־טאָג
לעבן אין זכרון גאָר לאַנג.
זיי־זשע געזונט, חברה,
זאָל דיין נסיעה זיין
ווי אַ זיסער חלום,
ווי אַ ליכטיקער טרוים!
דאַן קום צוריק בשלום
צו דיין משפחה, פריינט און היים.

## צו אַ גיטאַר־שפּילערין

צו יאַניאַ פּאַלאַנסקי

אַ מיטליאָריקע ברונעטין,
ניט צו דיק און ניט צו דאַר;
אין בליק אַ פאַרבאָרגן פינקל,
אין האַנט איז די גיטאַר;
לאַדט מען איין זי שפּילן,
זעלטן זאָגט זי „ניין"!
און איר פּנים לויכט שוין
מיט קינסטלער־קראַפט און חן,
און די שטאָלענע סטרונעס,
פון מייסטערשן באַריר,
צעזינגען זיך האַרמאָניש
אין אַ הערלעכן שיר:
פון די נאָבעלע קאַמפן,
פון גוויט, פון צער און לייד,
פון נעכט די אויסגעשטערנטע,
און טרייסטנדיקער פרייד.

— — — — — — — — — —

און איצט, צום סאַמע עיקר:
אַ דאַנק דיר, ליבער פריינט!
האָסט אָפּט אונז מיט דיין שפּילן
דערהויבן און באַשיינט.

# מיימי

צו איר אָפּפּאָר קיין ישראל און ס.־פּ־ד

דאַכט זיך, גאָר אַ שוואַכינקע,
און ליגט אָפט קראַנק אין בעט,
דאָך פון אַסיפות איקופישע —
ניט אָפּצורייסן זי, „יו־בעט!״

אַ מענטש, אַ שטאַרק געזעלשאַפטלעכע,
איז זי טריי דער זאַך ביז גאָר.
זי איז אויך געבענטשט מיט שפּראַכלעכקייט,
מיט שכל, לאָגיש, קלאָר.

האַלט אָפט לעקציעס ליטעראַרישע,
מיט פיל קענטעניש און געשמאַק;
און אַז מ׳דאַרף אַ שפּאַס, אַ וויצל,
זוכט זי עס ניט אין קיין זאַק.

אַ קורצזיכטיקע, נאָר דער שטערן
גרויס, און האָר — ווי פיין געקרייזט!
יאָ, זי איז שוואַך אין גוף, און דאָך —
ווי רייך און שפּרודלדיק אין גייסט!

## צו פ. ב.

ס׳איז מיר ליב פון דיר צו טראַכטן,
נאָר פאַרוואָס? — דאָס קען איך ניט דערקלערן.
עפּעס שפּיר איך אין דיין וועזן —
דיכטער־שטאָף, וואָס קען באַמייסטערט ווערן.

איז דאָס דיין קאָפּ, דער שיין־געקרויזטער?
צי די אויגן בלאַסלעך־בלוי?
צי דער בלענד פון גוף און אברים,
וואָס איז דער שטאָלץ פון יעדער פרוי?

אפשר ס׳קינסטלערישע קליידן
אין קאָלירן רייך, געבלומט?
צי אפשר גאָר דיין זיסער זינגען,
ווען דו ביסט יום־טוב׳דדיק געשטימט?

אפשר ווייל, ווי איך, פאַרליבט ביסט,
אין אַלץ וואָס נאָבל איז און שיין?
צי צוליב דיין גייסט־פאַרטרוימטקייט,
וואָס גיט דיין פנים אַזאַ חן?

אפשר ביסטו אַלץ צוזאַמען —
אַ סימפאָניע פון קאָליר און טענער,
וואָס באַפליגלסט אונזער גייסט
און דו מאַכסט דאָס לעבן שענער.

## צו פּעני מ־ף

גוואַלד! אוי פּעני, פּעניטשקע,
וואָס איז פון דיר געוואָרן?
פאַרטאַכלעוועסט דיין שוואַך געזונט
און פאַרקירצסט די יאָרן.

לויפסט אַרום פאַרשמאַיעט נאָר
איבער אַלע גאַסן;
שפּרייטסט בראָשורן און פּאַמפלעטן
צווישן אַרבעטער־מאַסן.

וועקסט פון שלאָף און רופסט צום קאַמף
קעגן זייער שונא,
און דו ברויזסט נאָר מיט פּראָטעסט
און כוונות ריינע.

נאָר דער אַרבעטער־עולם שלאָפט,
שווער אים אויפצואוועקן.
און דו, פּעניטשקע, נאָר לויפסט
טעגלעך לאַנגע שטרעקן.

גיסט די האָפענונג דאָך ניט אויף —
איז לויב דיין טיפן גלויבן.
ס'מוז דער אַרבעטער דאָך אַמאָל
דערוואַכן צו אַ נייעם לעבן!

# פייגעלע

(צו פ. ב־ן)

אַז מען רופט זי „פייגעלע",
איז זיכער ניט אומזיסט;
אַז זי פלאַטערט גאַנצע טעג
איז יעדערן באַוואוסט.

אַליין אַ מאַמע פון צוויי קינדער
וואוילע און פאַרהייראַט שוין.
און, ווי ס׳פירט זיך, האָט אַ מאַן אויך,
וועלכער איז אויך אַ פיינער פאַרשוין.

אין קערפּער אַזאַ דראַבנינקע,
מיט „געבאַבטע" ברוינע האָר,
מיט אַ פּנים אַ גוטמוטיקן
און אויגן קינדיש־קלאָר.

ווילט זיך איר אַ פּריינט נאָר זען,
איז באַלד און אויפן אָרט:
אַ פלי פון הויז, אַריין
אין „באָס" און פעני פאָרט.

קומט זי נאָר צוגאַסט צו וועמען,
איז דאָרט אַן אמתער יום־טוב —
ברענגט מיט זיך אַ פולן זעקל
מכל המינים און מכל טוב.

געזאָגט „האַלאָ", אויף שנעל פאַרבראַכט,
הין־העך געכאַפּט אַ בליק
און פאָרט אַ גליקלעכע צופרידן
אינם „באָס" אַהיים צוריק.

און אַהיים געקומען שוין,
איז גיב איר אַרבעט נאָר און גיב.
אָט אַזאַ ז׳אונזער „פייגעלע",
וועלכע ז׳נאָנט אונז און ליב.

## גיסיאַ

וואָס? איר קענט ניט אונזער גיסיאַן?
ס'איז אַ שאָד און אַ פאַרדראָס!
זי איז אַן אַרבעטער פרוי, אַ גאַנץ דאַרינקע,
און אָפט פאַרציט אַ פאַפּיראָס.
כ'זע זי איילן אין גרויע פרימאָרגנס
צום „שאַפ" דעם פאַרהאַסטן,
וואו ס'קרעכצן מאַשינען און מענטשן
פון דער שווערער מי און לאַסטן.
פון דער אַרבעט אַהיים קוים שלעפּט זיך,
פון מידקייט איר גוף געבויגן,
מיט אַ פּנים אַ פאַרחושכטן,
און אָפט — מיט טרערן אין די אויגן.
דאָס איז בלויז איין זייטל פון איר לעבן.
דאָס צווייטע — גאָר פון אַן אַנדער סאָרט:
פון דער „היים" אַ פיין־געשולטע,
פון נאַטור — ציגיינערין און ספּאָרט!
ווען אַ יום־טוב איז נאָר געקומען,
און זי נעמט אַ שנעפּסל אָדער וויין,
דאַן צו איר איז קיינער גלייך!
זי שוועבט אין דער לופטן,
אין עקסטאַז פאַלט אַריין,
זינגט לידער פון קאַמפן הערלעכע און ליבע
און פון אַ לעבן, וואָס שענער זאָל זיין.
און זי טאַנצט, אָנשטעקנדיק לאַכט,
אַלץ וואָס געשטיקט אַזוי לאַנג,
האָט איצט צום לעבן דערוואַכט.
איר נשמה אַצינד איז איין פלאַקער און פלאַם!
פאַר מיר — אַן אַנטפּלעקונג גאָר רייך!
איך שפיר אין איר — בענקשאַפט נאָך ליכט,
און דורשט נאָך גליק און פריידן צוגלייך.

## חבר דוד (ק־ר)

ער איז אַ הויכער און אַ דאַרער,
דאָך אַ קעמפּער גאָר אַ בראַווער —
פון דער באַוועגונג פּראָגרעסיווער
איז ער אַ חסיד און אַ חבר.
צייטונג „פרייהייט״ איז זיין באַנער,
אויך אַ הייסער פריינט איז ער
פון סאָוועטן און פאַרגעשריטענע קובאַנער.
פון נאַטור גאַנץ רירעוודיק און זשוואַווער,
לויפט טאָג־ווי־נאַכט צו די אסיפות
און מיט אַ נביאישן ברען פאַרדאַמט ער
יעדע אומרעכט און רדיפות.
ער איז דער טרוימער און אַ גלויבער!
און די צונג — זיין שאַרפע שווערד.
מער אַזוינע דרייסטע קעמפער,
ס׳לעבן וואָלט שענער זיין אויף דר׳ערד.

# חלילה!

**צו נ. ק.**

מיינע פריינד פאַרגעס איך קיינמאָל!
און אייך, געוויס האָב איך אין זינען.
דאָך ניט אַלעמאָל געלינגט עס
אַ פּאַסיקן אויסדרוק צו געפינען.

מענטש איז אַ קאָמפּליצירטער וועזן
און זיין שפּראַך איז נישטיק און בלאַס
צו אַנטפּלעקן זיין נשמה,
ווי ווײַן אין אַ פאַרזיגלטן פאַס.

ס'דאַכט מיר, אָפטמאָל, ליבע פריינדין,
אַ קוש, אַ האַנט־דרוק און אַ גלעט
איז מער ממשותדיק און גערן,
ווי שענסטע פערזן פון אַ פּאָעט.

# צו נאַדיען

כ'וואונדער זיך אָפּט, חשובע נאַדיאַ,
וואָס פּאָר אַ קראַפּט באַזיצט איר פּאַרט,
וואָס ווי אַ קאָמפּאַס-נאָדל צום צפון-פּאָל,
אַזוי צו אייך מיך צוגעצויגן?
באַקאַנט זיינען מיר געווען ניט לאַנג,
פּיל שמועסן ניט געפירט צוזאַמען;
אַ וואָרט אַהין, אַ וואָרט אַהער,
אַ פריינטלעכער שמייכל ווען-ניט-ווען,
און אַזוי אַלץ אין די ענגע ראַמען;
און דאָך וואונדער איבער וואונדער!
מיט דעם ערשטן רוף צו אייך
בין איך אין איילעניש געקומען
מיט אַזאַ יום-טוב'דיק געפיל,
וואָס לאָזט זיך ניט באַגרייפן,
דערקלערן אָדער שטילן.

— — — — — — — — — — —

איצט ווייס איך שוין דעם סוד,
ווארום ס'האָט מיך אַזוי צו אייך געצויגן:
ס'איז אייער ווארעם האַרץ און נאָבל-גייסט —
דער נשמה'ס העלער רעגנבויגן.

# חבר יעקב לוין

## (ווי ער לעבט אין מיין זכרון)

אזוינע צווישן איקופיסטן
צו געפינען — ניטא פיל;
אריינגעטאן מיט לייב און לעבן
אין זיין טעטיקייט און ציל.

פון נאטור א הייסער קעמפער,
מיט א גייסט, וואס ווערט ניט אלט;
שטענדיק אין די ערשטע רייען
מיט זיין פיין־געבויט געשטאלט.

א ווארעם הארץ און אינטעליגענטער—
ער ווייסט תמיד וואס ער רעדט.
אמפערט, ברויזט מיט חברים
און אויף אסיפות זיצט ביז שפעט.

דזשענטלמעניש און שטארק העפלעך,
(אויך זיין פרוי — פון זעלבן מין און שטאם).
„באלעגאלען" זיי חברים
איבער „הייטס" און אזש צום ים.

איז אויך אן אמתער הוליאקע,
טאנצט אפט „סאלא" אויפן „פלאר",
מיט התלהבות — ביז שוויים באדעקט
זיין קאפ מיט שיטערינקע האר.

און אין אלגעמיין גענומען
איז ער א וואוילער מענטש ביז גאר,
און א גוטער־ברודער איז ער,
כ'מעג זיך ווינטשן אזא יאר.

איצט איז ער אוועק פון אונז פריצייטיק,
נאבעלער קעמפער, געטרייער פריינט.
זאל מיין ליד אים זיין א דענקמאל —
אומפארלעשבאר ליכט, וואס אייביק שיינט.

# פון דאָ און דאָרטן

## שולמיתל

גיט נאָר אַ קוק אויף מיין טעכטערל, די קליינע —
שולמיתל די גערעטענע, שיינע!
זעט, ווי ס'לאַשטשען אירע אייגעלעך רייך,
דוכט עס ניט — גאָלדענע שטערן פינקלען צו אייך?
זעט, ווי ס'לויכט און שיינט איר געזיכט!
אַזוי באָדט זיך נאָר זון אין איר אייגן ליכט!
און זעט נאָר אירע הענטלעך באַרויזלטע, ווייסע,
איז עס ניט קיין מיראַזש פון מדבריות הייסע,
וואָס מאַניעט וואַנדערער צו רוען אין שאָטן דאָרט זיסלעך?
און זעט, ווי עלאַסטיש די קליינינקע פיסלעך!
און הערט איר דאָס קולכל, ווי רייצנד עס קלינגט
דערמאָנט עס ניט אָן אַ ~~[illegible]~~, וואָס זינגט פֿויגל
ערגעץ-וואו אין אַ וואַלד, אין אַ זומער־פאַרנאַכט,
ווען זון זיך צעשפּילט מיט אירע צויבער־קאָלירן און פראַכט?
און אירע שוואַרץ־זיידענע, געקרויזלטע האָר!
ווער קען באַשרייבן און באַמאָלן זיי גאָר?!
— טייערע טעכטערל, דו, מיין חלום און וואָר,
שענקען זאָל גאָט דיר פיל גליקלעכע יאָר!

# איך און די פליג

מיטן ערשטן פרילינג־רעגן
האָט אַ פליג זיך באַלד באַוויזן.
אַ דריי אַהין, אַ דריי אַהער,
און שטעכט שוין ווי מיט שפּיזן.

איך צו איר מיט אַ געבעט:
„לאָז מיך, שוועסטערל, רוען.
וועסט נאָך האָבן גענוג צייט
צו שטעכן מיך און בריען.

„האָסט אַ זומער־לאַנג פאַר זיך,
דער פרילינג איז ערשט באַגינען.
און חוץ דעם, מאַטערן אַזוי
האָט דאָך ניט קיין זינען!"

נאָר עס העלפט ניט קיין געבעט,
ס'העלפן ניט קיין דרשות —
זי צעבייסט מיין גאַנצן לייב,
פאַל כאָטש אין חלשות.

האָט ביי מיר ס'געדולד געפּלאַצט:
„אַ חוצפה! האָסט געהערט? —
טאָ נאַ דיר, נאַ, אַ רעכטן זעץ!"
און זי פאַלט צו ד'ערד.

ס'איז מיין כעס שוין לאַנג פאַרביי,
כ'באַטראַכט מיין טאַט און „זיג",
און פיל רחמנות און פאַרדרוס
אויף זיך און אויף דער פליג.

# אַרום ווייס־געדעקטע טישן

(געווידמעט דעם ליטעראַרישן פאַראיין „מערב“,
געגרינדעט 1947)

אַרום ווייס־געדעקטע טישן,
מיט בלומען־צירונגען אויף זיי,
האָבן „מערב’ניקעס“ זיך פאַרזאַמלט
ביי פרוכט, געבעקס, און גלעזער טיי.

ווי אַ סטאַיע ווילדע פייגל
אינם ראָזן אָוונט־שיין,
האָבן זיי גערוישט, געפּילדערט,
ביז אין טיפער נאַכט אַריין.

צוליב וואָס דער גאַנצער טומל?
וואו, פון שמחה, איז דער זין?
אינם זאַמלבוך פון „מערב“
ליגט דער ענטפער פון דערפון.

ס’איז צום ערשטן מאָל אין שטאָט דאָ —
פאַר דער וועלט עס זיך באַווייזט,
ציר און קרוין פון אונזער שאַפן,
שענסטע שפּראָצונגען פון גייסט.

איז עס דאָך אַ ליבער יום־טוב,
ווילט זיך משמח זיין,
איז געהוליעט און געהאָפּקעט
ביז’ן ווייסן טאָג אַריין!

# צו אַ וואַגאַבונד

טרייסל אָפּ פון זיך דעם שטויב, אַ וואַנדערער.
שטעל דעם וואַנדערשטאָק אַוועק ביים טיר.
דיין טאָרבע אין ווינקל לייג אַוועק, און פאָלג־נאָך מיר.
זעסט, אָט העננגט אַ האַנטוך, און אָט איז וואַסער פריש —
וואַש פון זיך דעם שטויב אַראָפּ און קום צום טיש.
עס שטייט פאַר דיר, מיין גאַסט, די שפּייז שוין אָנגעגרייט:
אַביסל גרינס, פרוכט און מילך, מיט שוואַרצן ברויט.
ווען דיין הונגער שטילן, דאַן דערצייל מיר, פריינט,
פונוואַנען קומסטו, וואוהין דיין וועג פירט היינט?
דאַרפסט ניט שרעקן זיך פאַר מיר, דיין צונג צעבינד —
כ׳בין אויך געווען, ווי דו, אַ פרייער וואַגאַבונד;
געוואַנדערט אויך ווי דו, מיין חבר, כ׳האָב אַמאָל,
פון שטאָט צו דאָרף, פון דאָרף צו שטאָט, דורך באַרג און טאָל.
גענעכטיקט אין אַ וואַלד, געוואַלגערט זיך אין פעלד,
געליטן הונגער, דורשט, און פרירנדיקע קעלט,
געוואַנדערט יאָרן פיל, קיין רו געוואוסט.
ס׳האָט געטריבן מיך אין וועג די וואַנדערלוסט.
אַצינד האָב איך אַ היים, אַ ליבעם קינד,
אַ פרוי אַ צירונג פאַר יעדנס הויזגעזינד.
און דאָך, אפילו איצט, ביים שטילן לעבנס־ברעג,
לעבט אין מיר אַ בענקשאַפט נאָך די וואַנדער־טעג.

# דער דיכטער ביי זיין שרייב־טיש

זיצט דער דיכטער ביי זיין שרייב־טיש,
איינגעהויקערט זיין געשטאַלט,
קנייטשט זיין געקאַרבטן שטערן,
און דאָס פּנים לויכט און שטראַלט.

איין האַנט זיינע אויפן שרייב־טיש,
און די צווייטע ביים פּאַפּיר.
שנירלט אוים די פּערל־ווערטער
מיט זיין יעדן פּעדער־פּיר.

ווי אַ שיפער אַ געניטער,
וואָס לאָזט זיך אינם ים אַריין,
אַזוי שוועבט אום איצט דער דיכטער
אין ס׳פאַנטאַסטיש וועלטל זיינס.

ס׳האָט צעשפּילט זיך איצט זיין דמיון
און וויזיעס פאַרבן־רייך;
מאָלט ער בילדער, שאַפט געשטאַלטן,
ליכט און שאַטנדיק צוגלייך.

## מיין קינדס יאָרצייט

דער דרויסן ז'אַזוי פינצטער,
אין מיין יעדן ווינקל לער;
איך הער ניט מער זיין שטימע,
זיין פּנים שטראַלט ניט מער.

אַ ליבעס קינד געוועזן,
מיט אויגן מילד און בלוי,
האָט דער טויט, דער אַכזר,
פאַרמאַכט אויף אייביק זיי.

פאַרפּייניקט און פאַר'יתומט,
איך און מיין ליבע פרוי
פרעגן אין פאַרצווייפלונג:
„פאַרוואָס אונז קומט אַזוי?"

קאַלטער טויט, דו אַכזר,
מערדער פון מיין קינד,
האָסט אונזער טרייסט באַרויבט אונז —
אַז ווייי איז אונז און ווינד.

כ'וועל קיינמאָל דיך פאַרגעסן,
אָ, קינד מיינס, איינציק מיינס;
זאָל שיינקייט, וואָס וועט שפּראָצן
אין מיר — דיין דענקמאָל זיין.

## ווען איבערדריסיק ווערט דאָס לעבן

ווען איבערדריסיק ווערט דאָס לעבן,
פון בענקשאַפט׳ס נאָגנדן געפיל,
נעם איך פון באַהעלטעניש מיין לירע,
מיין געטרייע לירע — און איך שפּיל.

באַריר איך נאָר די סטרונעס צאַרטע,
צעפּליסן טענער זיך מיט אַ זויבערן געקלאַנג,
און טראָגן מיך אַוועק צו ווייטע וועלטן
פון מוזיק, פון טרוימען און געזאַנג.

דאַן טרינק איך פון באַקאַלן, פול מיט שיינקייט,
ווי אַ פאַטאַלער זויפער טרינקט זיין וויין,
ביז ס׳באַוואוסטזיין מיינס ווערט פאַרלוירן
מיט מיין נאָגנדיקער בענקשאַפט און פּיין.

# דער זוכער

ווי אַ בלינדער אויף די ראָגן
מיט זיין שטאָק אין האַנט,
זוך איך אַלץ אַ ציל אין לעבן,
זוך עס נאָכאַנאַנד.

זיינען אַנדערע אַזוי גליקלעך,
אַלץ איז פאַר זיי קלאָר;
נאָר איך איינער נישטער, נישטער,
זוך עס יאָר נאָך יאָר.

זילבער־גרוי מיין קאָפּ געוואָרן,
פּאַרמעט־געל ס׳געזיכט.
און אַרום מיר איז שטאָק פינצטער,
כ׳זע קיין ברעקל ליכט.

פרעג איך זיך אַליין מיט צאָרן:
פאַרוואָס, פאַרוואָס די שטראָף,
צו טראָגן אָט דעם קין־צייכן
ביז מיין לעבנס־סוף?

## פאַריבער איז דער אָוונט

פאַריבער איז דער אָוונט, פאַריבער —
אָוונט פול פּראַכט און פול שיין;
און איך בין שוין ווידער אין קאַמף
פאַרן נישטיקן „זיין"!
ערשט נעכטן — די געטלעכע טענער,
צויבער־קלאַנגען פון זיסער מוזיק
געוועקט אין האַרצן פאַרלאַנגען
פאַר אמת, שיינקייט און גליק.
איצט איז דאָס אַלעס
ווי אַ חלום פאַרשוואונדן, צעשטויבט
און פאַרלוירן געגאַנגען
אינם ביטערן געראַנגל מיט נויט,
און עס לעבן שוין ווידער
אַלטע פּרימיטיווע פאַרלאַנגען:
וואו נעמט מען, וואו קריגט מען
דאָס שטיקעלע ברויט ? !



## ווי אַ קאַנאַריקל אין שטייג

ווי אַ קאַנאַריקל אין שטייג
שמאַכט מיין האַרץ אָן רו, אין באַנג.
און, פאַרבענקט נאָך ווייטע פרייז,
זינג איך אויס מיין האַרץ־געזאַנג.

כ'וויים: אַ שיינע וועלט איז פאַראַן דאָרט,
פול מיט פריידן, גליק און שיין,
בעת איך, אין תפיסהדיקן לעבן,
פאַרשווענד די טעג אין אַנגסט און פּיין.

## אויך מיין בלויער פויגל

אויך מיין בלויער פויגל
פון זיין גאָלדן שטייגל
איז ערגעץ־וואו פאַרפלויגן.

מיינע ראָזע טרוימען,
קינדעריש־נאאיווע,
אַ שאָטן האָט פאַרצויגן.

אינם שווערן לעבן,
אין טרערן־דורכגעזאַפּטן,
הארצנס פרייד־געזאַנגען

ווערן טויט־פאַרוואונדעט
פון די וויי־געשרייען,
פון די יאָמער־קלאַנגען.



## אַ מעטעאָר

ס'האָט אַ מעטעאָר זיך אָנגעצונדן
און באַלויכטן האָט דעם הימלס־בלוי,
און אויף אייביק באַלד פאַרשוואונדן
אין שוואַרצן נעפּלדיקן תהום.
איז מיין שיקזאַל אויך אַזוי ?
כ'האָב געליטן צרות פיל,
און געבלוטיקט אינדערשטיל.
געטרוימט, געגאָסן רגע'ס גליק,
און שוין! דער לעבנס־שטראָם טראָגט מיך אַהין,
פונוואַנען קיינער קומט צוריק.

## ווען דער רעגן גיסט און גיסט

ווען דער רעגן גיסט און גיסט,
און דער הימל איז פֿאַרחושכט און וויסט,
און די ערד איז נאַס,
מרה־שחורה'דיק —
דאַן דערמאָנט זיך מיר, ניט ווילנדיק,
אָן אַלעס וואָס געווען איז בליענדיק,
און איך בלעטער דורך אין מיין זכּרון
בילדער שיינע פֿון פֿאַרגאַנגענהייט.
ווערט דאָס האַרץ מער רירעוודיק,
אויגן פֿול — און טרערנדיק,
און די ליפּן, ווי אין אַ חלום,
הייבן אָן צו פּלאַפּלען:
„אַך, וואו זייט איר, ליבע פריינט ?"
ס'טוט דאָס האַרץ מער צאַפּלען.
פּלוצלינג הער איך מיר אַ שטימע:
„אויף לעבנס־רחבותדיקער בימה
צעזייט איבער שטעט און לענדער,
שליסן דיינע גוטע פריינט
נייע פריינטשאַפט־בענדער.
ביזט פֿאַר זיי אַצינד פֿאַרלוירן,
ווי קיינמאָל געקעמפט צוזאַמען
און געחברט זיך פיל יאָרן.
דער שיקזאַל געוואָלט האָט, זאָלסט איצט עלנט זיין!
אין דיין לעבן, ווי אין שטערבן —
אין בענקשאַפט, טיפן צער און פיין."

# אומרו מיין

אומרו, אומרו, אומרו מיין,
שוועסטער לייבלעכע צום פיין,
וואו איך בין, דאָרטווילסטו זיין,
שטענדיק־טרייע באַנע מיין!
אינדערהיים, צי אינם שאַפּ,
היטסטו ווי אַ קינד מיך אָפּ.
גיי איך מיר אויף אַ שפּאַציר,
שפּאַנסטו שאָטנדיק נאָך מיר...
אין דער פינצטער, צי אין ליכט,
כ׳זע דיין וואַכעדיק געזיכט.
צווישן פריידיקסטע פון געסט,
האַלטסטו מיך געאָרעמט פעסט.
לאָזט פון אויג מיך ניט אַראָפּ,
כ׳זאָל ניט הויבן פריי מיין קאָפּ.
פרעג איך: „אומרו, אומרו מיין,
וועט עס אייביק אַזוי זיין,
ביז׳ן סאַמע טויט אַריין?"
ענטפערט זי איראָניש־פיין:
„אָ, דו ליבער חבר מיין!
ביז׳ן סאַמע טויט אַריין,
כ׳וועל באַגלייטערין דיר זיין!
ווער צום שאַפן קריגט אַ לוסט,
לעב איך תמיד אין זיין ברוסט."

## צווישן דאָ און דאָרטן

צווישן דאָ און דאָרטן
אַ שטח ברייט פאַראַן;
ווי אַ שלאַנג, דער אומרו
אין יעדנס האַרץ אין באַן.

יעדער אין זיין ווינקל
מיט אַ רייזנדיק פאַרמעג,
גרייט איז זיך צו לאָזן
אינם ווייטן וועג.

פלוצים, דער קאָנדוקטאָר
„אַריין!" טוט אַ געשריי.
איז — ווער מיט פרייד אין האַרצן,
און ווער מיט טיפן וויי.

# אירע וועגן און די בריקן

אונזער „מלאָכים־שטאָט" מיט איר שיינקייט
און איר רחבות שטעט גאָר פילע איבערשטייגט,
אירע וועגן און אירע בריקן אומעטום
צעקרייזט זיך און צעצווייגט.
זיי פירן צו בערג־הויכן, טיפע קעניאָנס,
צו בליענדע שטעטלעך, באַשאָטנטע וועלדער,
און צו דעם גאָלדיקן ים־ברעג;
צו די מקומות, מיט פאָלקלאָר רייכע,
און צו נאַטור'ס כישופדיק פאַרמעג.

## דער שערער

ס'קומט אַריין אַ קונד, אַך —
לעבן זאָל ער הונדערט יאָר!
אויפן שער־שטול ברייט באַזעצט ער זיך —
בעט צו שניידן זיינע האָר.

מיט רעספּעקט אַזוי און העפלעך
צו דער מענטשלעכער פּערזאָן,
נעם איך פלינק זיך צו דער אַרבעט
אַרום בכבודיקן פּאַטראָן.

איינגעוויקלט אים אין ווייסן,
צוגעגרייט אַ קעמל, שער...
הייב איך די האָר צו שניידן,
און איך אַרבעט זייער שווער.

פליען שערלעך, ווי די בליצן,
און דאָס קעמל פלינקער נאָך,
פאַלן האָר גאַנצע גאַרבן —
וואו אַ שניט, איז דאָרט אַ לאָך.

אייל זיך, קעמל, אייל זיך, ליבער,
און איר, שערלעך, שטייט ניט אָפּ!
ניט געזשאַלעוועט זאָל ווערן,
ניט די האָר און ניט קאָפּ!

פליען שערלעך, קלינגען, קלאַפּן —
עס גייט כאַדאָראָם דער שאַפּ;
דאָך מיר דאַכט, אַז דורך דעם רוישן
עמיץ קלאָגט דאָרט אויף זיין קאָפּ.

נאָר צו ענד איז שוין די אַרבעט,
כ'רייב די הענט אָן הענט צופרידן,
ווייל ביי מיר דאָרט, אין געלט־קעסטל
דאָס פּאַרדינסטל רוט אין פרידן.

## צו דעם נייעם יאָר

באַלד פאַרגייט דאָס אַלטע יאָר,
דאָס נייע — קומט שוין אָן.
העלע האָפענונג און פיין
זיך מישן אין איין טאָן.
נאָר צו וואָס זיך גריבלען פיל?
איצט איז ניט די צייט!
לאָמיר בעסער אונזערע ווייען
טוישן פאַר פרייד און מוטיקייט.
און לכבוד אונזער ליבן גאַסט —
צוליב יאָר דעם נייעם,
זיך נעמען צו די גלעזלעך
און מאַכן אַ לחיים!
און ווינטשן זיך און אַלעמען,
אַז דעם מענטשנס שענסטער טרוים,
וואָס שיינט תמיד פאַר אונזערע אויגן,
ווי די זון אין הימלס־רוים,
זאָל ניט פאַרוואַנדלט ווערן
אין אַ וויסטן, בייזן חלום,
און אונזער וועלט, די שיינע,
זאָל שטראַלן מיט פרייד און שלום.

## דער עראָפּלאַן

אַ טרוים פון אַמאָל —
היינט —
אַ פויגל פון שטאָל,
וואָס ווייסט פון קיין צאַם.
איבער ערד, איבער ים,
וואו פרייע לופט איז נאָר פאַראַן,
שפרייזט אַרום דער עראָפּלאַן.
שפּאַרט זיין שטאָלענעם גוף
מיט אַ ברום, מיט אַ רוף
צו דער הויך, צו דער ווייט,
קעגן אייביקער צייט!

— — — — — — — — —

מאַיעסטעטיש אַזוי,
אַזוי אָדלעריש שטאָלץ,
שוועבט אין ענדלאָזן רוים
אָט דער גייסט פון דער צייט —
אַ פאַרווירקלעכטער טרוים.

## עפּעס יורדט אין זיין נשמה

עפּעס יוירדט אין זיין נשמה,
זוכט אַ תיקון, זין און אָרט,
קוים דעם דמיון זיך צעצונדן,
קאָכט עס, ברויזט ווי ים אין שטורעם,
און עס טרייבט אים ערגעץ פאָרט.
בויט ער וועלטן, באַלד צעשטערט זיי,
מיט אַ העלער ליכט באַשטראַלט, באַלויכט זיי.
ער מאָלט בילדער, שאַפט געשטאַלטן:
דאָ — אַ יונגן, דאָרט — אַן אַלטן,
שפּירט אַ סוד פון אייביג באַהאַלטן.
פּלוצלונג, העל בליצט-אויף אַ טרוים.
אָט מישט זיך פרייד בייאַנאַנד מיט וויי,
דאָ — געלעכטער, דאָרט — געשריי.
ליכט און שאָטן זיך באַהעפטן אומעטום.
אין דעם ברייטן ים פון וויזיעס
שווימט אַצינד זיין גייסט אַרום.
אַ צעפלאַקערטער, אַ צעברויזטער;
ער געפינט פאַר זיך קיין רו, קיין אָרט,
ביז עס ווערט אַ סדר געשאַפן
אין זיין זינגענדיקן וואָרט —
דאָס איז דעם דיכטערס שאַפונגס-וועג:
פרייד און פּיין — אַ גרויס פאַרמעג.

# דער מענטש

יעדע דערפינדונג און אנטפלעקונג,
פאר זיך יעדע זאך באזונדער,
ציילט פאָרשריט פון מענטשלעך וויסן,
און גרויסן נאטורס וואונדער.
ער פאָרשט תמיד עפּעס,
פיל נייע זאכן שאפט:
נעכטן — ראדיאָ און טעלעוויזיע,
היינט — וואונדער פון אטאָמיש קראפט.
דער נייגער פון זיין געניום
ווייסט קיין גרענעץ, קיין ברעג.
דורך יעדן שטער און צוימען
ער שפאנט פאָראויס אין וועג.
אימער וויסן־דורשטיק: ער נידערט
צו טיפסטע־טיפענישן פון ימען,
און רייסט זיך צו די ווייטסטע שטערן.
ער וויל לעבנס־סוד דערגיין
און זין פון „זיין" און „ניט ווערן"!
וואוהין וועט עס אים פירן?
ס'בלייבט א פארזיגלטער סוד.
נאָר פאָראויס אַלץ שטרעבט ער,
ווי נאטור זעלבסט — צו גאָט.

# אַ טענצערין

ס'הויבט זיך דער פֿאָרהאַנג,
דער עולם ווערט שטיל;
ס'פֿאַרענדיקט אָרקעסטער
אַ פּרעליוד צו דעם שפּיל.

אין ציגײַנעריש קליידונג,
פֿון הינטער דער וואַנט,
שוועבט זי די טענצערין
מיט אַ צימבל אין האַנט.

איר קערפּער איז בויגיק,
די אויגן פֿול גלאַנץ;
אַ טופּ מיטן פּיסל
און ס'ברויזט־אויף איר טאַנץ.

קלאַפּט מיטן פּייקל
בום־בום און בום־בום,
איר גוף, ווי אויף פֿליגל,
שפּרייט כּישוף אַרום.

שפּינט אַ מיראַזש זיך—
לבֿנה אויף פֿעלד,
אַ לוסטיקער פֿייער
קנאַקט פֿריילעך ביים געלט.

עס טראָגט זיך פֿון דאָרטן
מיש־מאַש פֿון געקלאַנג
פֿון פֿידל און צימבל,
מאָנאָטאָנער געזאַנג.

דאָס הילכן פֿון האַמערס,
דאָס הירזשען פֿון פֿערד,
און ברוינע געשטאַלטן
צעזעצט אויף דער ערד.

דאָס זיינען ציגיינער,
פון שטאַם אימפּולסיוו;
וואָס זיינען אין לעבן,
ווי אַמאָל, פּרימיטיוו.

— — — — — — — — —

נאָר אָט שווייגט דאָס פּייקל,
אָפּגעהאַקט איז דער טאַנץ,
פון אויגן צעפּלאַמטע
איז פאַרלאָשן דער גלאַנץ.

דאָס פּנים צעקרימט איז
פון קלעם און פון שמאַרץ,
אַ ליידנשאַפט־כוואַליע
איצט שטורעמט איר האַרץ.

זי קניט צו דער ערד און
קושט שטויב פון דעם אָרט;
מיט הענט בעט זי רחמים
ביי עמיצן דאָרט.

און פּלוצלינג — פאַרפירעריש,
רייצענד און שלאַנק,
זי קנוילט זיך און וואַרפט זיך—
אַ פאַרוואונדעטע שלאַנג.

דאָס מאָלט זי אין טאַנצן
אַ בילד נאָך אַ בילד,
אַ ברויזנדע ליבע
פון אַ ציגיינערין ווילד.

## שיכורים

פאַר דעם שיכור—
שיכרות איז דער עיקר.
קריגט ער וואו אַ „דיים״, אַ „ניקל״,
איז ווי אַ פליג צום סמעטניק,
לויפט ער באַלד צום שענק־הויז.
דאָרט האָט ער חברים,
דאָרט איז זיין געליבטע —
פון דער וועלט פאַרשטויסענע,
באַ׳עוול׳טע, באַטריבטע,
אין בגדים האַלב־צעפליקטע,
מיט פנימער געשוואָלענע,
אויגן אונטערגעשלאָגענע,
מיט געמיטער ביטער־בייזע,
און לייבער ניט־געוואַשענע.
נו, נעמט מען זיך צום גלעזל,
אָן אָנשטעל און אָן „שהכל״—
פונקט אַזאַ ווי ס׳לעבן,
אַזאַ איז דער סך־הכל.
אַזוי טאָג־טעגלעך דורשט מען
דעם וויסטן מזל דערטרינקען,
און אַזוי אַלץ טיפער
זינקען זיי און זינקען,
ביז דער טויט־דערלייזער,
מיט זיין שאַרפער קאָסע,
פאַרווישט זיי אָן אַ זכר,
ווי די זון די ראָסע.

— — — — — — — — — — —

טראַכט איך אָפט ניט ווילי.ק
מיט טיפן פיין און צאָרן;
אויב אַזאַ מין לעבן
ניט כדאי איז דאָס געבאָרן.

# רגע׳ס אין לעבן

פֿאַראַן פֿילע רגעס אין לעבן,
ווען אַלעס ווי בליי דריקט דיך שווער.
דיר דאַכט: דאָס פֿיל־פֿאַרביקע לעבן
מיט אַלערליי גליקן, עקזיסטירן ניט מער.
ווי ווילט זיך דאַן וויינען און קלאָגן,
מיט טרערן פֿאַרפֿלייצן די ערד
און שילטן דעם טאָג פֿון געבוירן,
און ציען צום הימל די שווערד...

פֿאַראַן אויך זעלטענע צייטן,
ווען וועלט איז צעשטראַלט, ליבלעך־מילד,
פֿאַרשוואונדן די שנאה, די נשמה געלייטערט,
צעוואָרעמט דאָס האַרץ, און דער דמיון צעשפּילט.
ווי בענקט זיך דאַן צו דעם ענדלאָזן, ווייטן,
צו שטרעבן אַלץ העכער, ווי גליט אַ פֿאַרלאַנג!
אומאַרמען די וועלט, וועלכע לעבט און וואָס אָטעמט,
איר טראָגן אַנטקעגן דיין ליבע און געזאַנג!

## מיט אַ טאָג-באַן „דע-לוקס"

אַ שנעל־צוג מיט אַ קייט וואַגאָנען —
סאַלאָנען אויסגעפוצטע אויף רעדלעך,
דורך טאָלן באַגריינטע און בערגלעך,
זיך טראָגן מיט שטאָלענעם ריטם
ביים ברעג פונם ים.

עס לויפן פאַרביי שורות הייזער,
סטאַדעס בהמות, אַ פעלד און אַ וואַלד;
עס בלויען זיך לויטערע הימלען פון אויבן
און די זון — נאָר זי לאַכט און זי שטראַלט.

אַט האָבן מיר אַ באַרג דורכגעשניטן,
דורכגעשמוגלט אַ פינצטערן טונעל;
דורכגעפלויגן אַ „קעניאָן", אַ ליכטיקע שטעטל,
און ווידער אַנטפּלעקט זיך די פּראַכט פונם ים.

כישופדיק טוישן זיך בילדער נאָך בילדער,
נאָר פּלוצלונג — דורך רעדער־געזאַנג —
בייסט זיך אַריין אינם מוח
אַ קלעמיק און פּיינלעך געדאַנק:

ווי וואָלט די וועלט זיין גליקלעך, פרייער,
מער צויבערלעך־שיין און געראַם,
ווען ניט אומרעכט און גוואַלד־טאַט, וואָס הערשן
און פילן דאָס האַרץ אָן מיט סם ! . . .

# איך באַגריס דיך, סאַן פראַנציסקאָ

געווידמעט סאָפי סטיין און איר פאַמיליע

זיי געגריסט מיר, ליבע „פריסקאָ״,
שטאָט פון ווינטן און טומאַנען!
מיט דיינע וואונדער־בריקן,
פון שטאָל־געגאָסענע טיטאַנען.
מיט דיין באַרימטן „טשאַינע־טאַון״,
מיט זיין געשפּענסט פונעם אַמאָל,
מיט דער אימפּאַזאַנטער אָפּערע־הויז און וועטעראַנען האָל,
מיט דיין „גאָלדן־גייט״ פּאַרק,
תמיד יום־טוב׳דיק געפּוצטן,
מיט זיין מוזעאום און אַקוואַריום־זאַל,
מיט דיין וועלט־באַרימטן פּאָרט,
וואוהין זיך ציען שיפן פון איבעראַל,
מיט דיין „קייבל־קאַר״ וואָס קלעטערט
מיט געקלאַנג און רעלס־געברום
איבער געסלעך בערגיקע אַרום,
מיט דיין „מאַרקעט סטריט״ — די ציר
און מלכה פון דיינע גאַסן!
מיט איר קאָכעדיקן מענטשן־שטראָם
פון יעדן אָפּשטאַם, קלאַס און ראַסע,
מיט דיינע בונטע פישער־שיפלעך —
תמיד וויגנדיקע, ריי נאָך ריי,
ביים פישער־האַפן און דעם „בעי״;
מיט דיינע פּראַכט־האָטעלן אויף די הויכן,
מיט זייערע באַלקאָנען רחבותדיק־געראָם,
פון דאָרטן אַנטפּלעקט זיך אַ וואונדער־פּאַנאָראַמע
פון בערג, טאָלן און דעם כוואַליעדיקן ים;
מיט דיין רייך־פּאַרביקער געשיכטע
פון קאַמפן בלוטיקע דורכגעוועבט,
מיט העלער ליכט און שאָטנס געדיכטע...
אָ, דו טוריסטן־פּאַראַדיז!
דיך, טיף פון האַרצן איך באַגריס.

# נאַטור־לידער



## צו דער זון

איך ליב דיך, זון, ווי אַ געצנדינער,
וועלכער ווייסט קיין אַנדער גאָט ווי דו;
איך ליב דיך, ווי אַ מידער וואָגלער
ליבט זיין לאַנג־געגאַרטע רו,
ווי אַ גלויביקער זיין עולם־הבא —
(אַ וועלט אָן מאַטערניש, אָן זינד).
איך ליב דיך, ווי אַ ציטריקע מוטער
ליבט איר איין־און־איינציק קינד.
אָ זון, דיין פאַרביק ליכט־שפיל ביים פאַרגיין,
דיין ראָזער שמייכל ביי דעם טאָגס באַגין.
דיין יעדער ברען, און גלעט, און שטראַל,
איז פאַר מיר פון באַגייסטערונג אַ שפרודלדיקער קוואַל!
און אין מיין שאַפן, ביי יעדן טראַכט און ריר,
שפיר איך דיין מעכטיקן איינפלוס איבער מיר.

## ווי רינגען

ווי רינגען, אָדער קוגלען
אין קונצן־מאַכערס הענט,
שפרינגען זונענפלעקן
אויף באַלקן, דיל און ווענט.
אייניקע אויף אַרויף,
אייניקע אויף אַראָפּ,
איינע שטיפעריש גאָר
שפרינגט מיר אויף מיין קאָפּ;
אַ גליטש זיך צום געזיכט
און צעפּאַלט אין שטויב.
פול מיט בלענדענדיקן ליכט.—
אַ באַגייסטערטע שפּיל
פונם ליכטיקן שטראַל,
שעפּ איך עמערס פרייד
פונם זוניקן קוואַל.



## שטערנדלעך

נעבן זילבערנעם לבנה־האָרן
ליכטיקט זיך דער אונט־שטערן,
און אין ווייטסטע הימל־ווינקלען
צינדן אַנדערע זיך און מערן.

דער קופּאָל, דער טיפער, בלויער,
איז באַדעקט מיט דימענט־ליכטער;
רק זיי שעמערירן, שמייכלען,
ווי מלאכים געזיכטער.

שוועבט פאַרביי אַ גרויער וואָלקן,
וויל די שטערנדלעך פאַרשטעלן;
נאָר די „קליינע" לאָזן זיך ניט —
כישופט נאַכט מיט שיין מיט העלן.

# אויף די בערג-הויכן

אויף די דרעמלענדיקע בערג-הויכן,
ווי אַ צודעק, ווי אַ ווייכער,
שפּרייט זיך ווייסער שניי.

און אין טאָל, די בערג אַנטקעגן,
פאַלט אַ שטילער, דריבנער רעגן
פון שטיקער כמאַרעס גרוי.

אין דער ווייט, אין טונקעלע טיפן,
טאַנצן שטראַלן, טאַנצן, שטיפן
אין סאַפּירן־בלוי.

און פון אויבן, ווי אַ בויגן,
מיניעט זיך דער רעגנבויגן
און טובלט זיך אין טוי.

# פרילינג נאָך אַ רעגן

איצט איז פרילינג, נאָך אַ רעגן —
גראָזן, בלומען וואַכן אויף.
פון פאַרבאָרגענע פאָנטאַנען
שפּריצט אַ באַלזאַם־דופט אַרויף.

אויפגעפרישט דאָס פעלד, דער גאָרטן,
פייגעלעך טרילן נאָכאַנאַנד;
לויטער־בלוי דער הימל שמייכלט,
וואַרפט מיט גאָלד פון ראַנד צו ראַנד.

שפּיגלדיקע רעגן־טייכלעך
קייכן, שמעלצן פון געלעכטער.
קלאַפּן יונגע הערצער שטאַרקער
אינם געשפּיל פון די געשלעכטער.

איצט איז פרילינג, נאָך אַ רעגן!

מיט פאַרשיכורונג־אַראָמאַטן,
ליכט און טרעל, וויברירט די לופט;
ווי אַ רייצענד־שיינע כלה
שיינט דער דרויסן, ציט און רופט.

# טראַ-לאַ-לאַ - - -

(אַ ניגונדל)

ווען אַ פרילינג־רעגן גייט,
פילט זיך אָן מיין האַרץ מיט פרייד.
טראַ-לאַ-לאַ און טראַ-לאַ-לאַ —
פילט זיך אָן מיין האַרץ מיט פרייד.

פרעגט מיר ניט, פאַרוואָס, פאַרוועןְ?
וואָס איז פלוצלונג מיר געשען ?
טראַ-לאַ-לאַ און טראַ-לאַ-לאַ —
וואָס איז פלוצלינג מיר געשען.

כ'וויים נאָר: ס'האַרץ מיינס גליט מיט פרייד,
ווען אַ פרילינג־רעגן גייט.
טראַ-לאַ-לאַ און טראַ-לאַ-לאַ —
ווען אַ פרילינג־רעגן גייט.

און ווען ס'האַרץ מיינס פלאַמט און גליט,
זינג איך מיר אַ לוסטיק ליד:
טראַ-לאַ-לאַ און טראַ-לאַ-לאַ —
זינג איך מיר אַ לוסטיק ליד.

# כ׳בין אין וועלדל געלעגן איינזאַם

כ׳בין אין וועלדל געלעגן איינזאַם,
אַלץ באַטראַכט, געהערט,
ווי זים עם טרעלן פייגעלעך,
פון קיינעם ניט געשטערט.

און אַ וואַרעם, לאַשטשענדיק ווינטל
מיט בלומען־דופט געפילט,
געקושט האָט יעדעם בלעטל,
די פון שטראַלנדלעך באַגילדט.

אויפן סאַמעט־גראָז די אינסעקטן
געיאָגט זיך און געשפילט,
און יעדער אויף זיין אופן
האָט גליקלעך זיך געפילט.

בלויז איך אַליין — מיט פיין געלאָדן
אין דער וועלט פון פרייד;
מיין קאָפּ צו דער ברוסט געבויגן,
געשטיקט טרערן שטומערהייט.

# הוליע ווינטל

הוליע, הוליע, ווינטל,
פריילעך זאָלסט נאָר זיין;
ברענג אונז פרי אַ רעגנדל,
אַ פרילינגדיקס, אַ פיין.
גיסן וועט דאָס רעגנדל,
זאַפּטיקן די ערד,
און גרייכן יעדן ווינקעלע,
וואו אַ זוים זיך נערט.
וועט די זון אַ שיין־טאָן,
שענקען ליכט דער וועלט;
וועט אין גאָרטן בליען,
וואַקסן וועט אין פעלד;
וועלן פייגל זינגען
אַ לוסטיק פרילינג־ליד,
וועט דיך בענטשן יעדערער —
קריסט אַזוי ווי איד.

— — — — — — — —

טאָ הוליע, ווינטל, הוליע,
פריילעך זאָלסט נאָר זיין!
ברענג אונז פרי אַ רעגנדל,
מיט גרינסן, פרוכט און ווייז.

## צום וועלדל

גיי איך מיר צום וועלדל,
פיל זיך אזוי מיד;
אַך, געדאַנקען שווערע
דריקן מיין געמיט.
שוין אַזוי פיל יאָרן
ווייט פון פאָטערס הויז,
וואַנדער איך און וואַנדער —
וואו די וועלט איז גרויס.
אָן אַ פריינט, אַ קרוב,
אומעטום אַ גר;
דאָרט אַ טרוים פאַרלאָרן,
דאָ אַ זיפץ, אַ טרער.
פילע זיסע טרוימען
האָב איך מיר געוועבט,
לידער פיל געזונגען,
אַלץ נאָך גליק געשטרעבט.
נאָר די יאָרן פליען,
כ'קאָן ניט טרוימען מער;
דאָס האַרטנעקיק לעבן מאַכט
יעדן טראָט מיר שווער.
גיי איך מיר צום וועלדל,
קראַנק, צעבראָכן, מיד,
זוכן טרייסט און היילונג,
מוט פאַר מיין געמיט.
דאָס וועלדל איז שוין נאָענט,
כ'האָב זיך ניט גענאַרט —
ס'האָט דאָס גרינע וועלדל
אויף זיין גאַסט געוואַרט.
ס'גריסט מיך יעדעם צווייגל
מיט אַ פויגל־טרעל,
ס'גריסן מיך די בלומען —
ראָז, בלוי, גאָלדיק־העל.

אין מיין האַרצן דרינגען
באַלזאַם און פּאַרפיום,
און די זיידענע שאָטנס
לאַדן איין מיך: „קום!"

— — — — — — — — —

ליב און טייער וועלדל,
האָסט געהיילט מיין צער,
מיט אַ האַרץ פול דאַנק
דערמאָן איך דיך דערפאַר.



## דער פרילינג איז געקומען

מיט זיין העלן שמייכל
דער פרילינג איז געקומען,
און מיט מוטער־ליבשאַפט
די וועלט אַרומגענומען.

פון דער לאַזור־בלוי
לאַשטשעט זון און שיינט;
אויף טויזנטער לשונות
די נאַטור רעדט היינט.

ס'רעדן גערטנער, וועלדער,
טייכן, בערג און ימען —
פייגעלעך מיט טרעלן,
בלומען מיט קאָליר־פלאַמען.

ס'שטיפט אַרום אַ ווינטל...

און געלבלעכע ציטראָנען,
און גאָלדענע מאַראַנצן,
צווישן גרינע צווייגן,
חנדלען זיך און טאַנצן.

## לעיק פאנטוסיק אין מאַי

אַ מתנה צו מיין שוועסטער מערי

באַדעקט זיינען ביימער
מיט מאַיאיקן צוויט,
אַ לאַשטשענדער ווינטל
פון ערגעץ־וואו ציט.

עס שמייכלט דער הימל
מיט לויטערן בלוי;
דער אָזיערעס פנים
איז אויכעט אַזוי.

סאַמעטענע וועלעכלעך
ברעג־אָפּ און ברעג־צו,
קושן און צערטלען אים,
פאַרוויגן אין רו.

טוליען זיך שטיבלעך
מיט צוטרוי צום ברעג,
און פייגל אויף ביימער
בענטשן די טעג.

פאַרחלומטע שיפלעך
אין שכנות אַרום,
פאַרגאַפטע פון סודות
און, ווי די ברעג, שטום.

## לאָס־אַנגעלעס

(פאַר און נאָכן זון־אויפגאַנג)

טיף פאַרהילט אין נעפּל,
ווי אין אַ סוד פאַרבאָרגן,
חלומט שטאָט לאָס־אַנגעלעס
פון אַ זוניקן פרימאָרגן.

נאַס דאָס גראָז, די גאַסן;
ס׳טריפט פון ביימער, דעכער.
אַ פריקרע קעלט, אַ בייסיקע,
שפּאַרט פון אַלע לעכער.

איינגעגנורעטע אין נעסטן,
אין געפלעכט פון צווייגן,
פאַרטיפט זיינען פייגעלעך
אין טרויעריקן שווייגן.

צאַרטע בלומען אין די בייטן,
פאַרזיגלט זייער צויבער־דופט,
און אַ דריקנדיקער אומעט
פּילט זיך אין דער לופט.

נאָר אָט, די זון באַווייזט זיך
מיט מילדע בונטן שטראַלן,
און ס׳ברויזט מלאכים־שטאָט אויף
מיט פרישע לעבנס־קוואַלן.

בלומען־דופט, געלעכטער,
שטראָמט פון יעדן ווינקל,
אַזוי ווי אין טאַנץ באַהאָפטן
אין גאָלד׳נעם זונען־פינקל.

די נאַסע קעלט, דער נעפּל־שטויב
צו די בערג פאַרשוואונדן.
שטראָמען פרייד און לעבנס־לוסט
מיט דער ליכטיקער זונ׳ס קומען.

# מוראַשקעס

מיט וואָס פֿאַר אַן אימפּעט זיך טראָגן
די קליינע מוראַשקעס הין־הער,
אויף כל׳ערליי סטעזשקעס און ווינקלען
זיי מיען זיך פֿלייסיק און שווער.
דאָרט, ביי דער שוועל פֿון זייערע
אונטערערדישע היימען, איז
תמיד, אַ קאָכיק און שטענדיק געיעג:
מ׳בויט, מ׳פּוצט און מ׳רייניקט,
מ׳פּאַשעט בהמהלעך,
מ׳ניאַנטשעט די פּיצלעך.
און אַלץ ווערט געטאָן מיט אַ סדר
ביי זייער היימישן ברעג.
כ׳זיץ ביי די קוטשקעלעך ערד אָנגעשאָטענע,
באַוואונדער זייערע מעשים און טראַכט:
פֿון וואַנען אָט־דער כוח, וואָס טרייבט זיי,
פֿונם פֿריען מאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט?
איז ער אַ בלינדער אינסטינקט,
צי אַ קלאָרער באַגריף און באַוואוסטזיין?
אַז קורץ זיינען די זומער־טעג,
און דער ווינטער איז בייז, וויסט און קאַלט?
גרייט מען פֿאַר דעם נויטפֿולן דויער,
ביז דער ליכטיקער פֿרילינג קומט אָן
און זון שוין ווידער וואַרעמט און שטראַלט?

## צוגעטוליעט צום באַרג

צוגעטוליעט צום באַרג, דאָרט
אַ קליינער קעניאָן פאַראַן.
אַהינצו גאַנץ אָפּט
אַ פאַרבענקטער איך שפּאַן.

צווישן זיינע קוסטן און ביימער
אַ שטיל וואַסערל פליסט,
ביים ראַנד גרינע בענקלעך
אַ יום־טוב דיך גריסט.

זיצן פאָרלעך אַרום.
אָט איז עמיצער אַליין.
פלוצים צעטרעלט זיך אַ פויגל
אַזוי וואונדערלעך שיין!

וועוועריקלעך מיט פוכקע עקלעך,
פיסעלעך גרינג,
קלעטערן אויף ביימער, זיך יאָגן
בליץ־שנעל, ווי אַ וואונק.

באַלד קומען זיי נאָענט
מיט אַ בעטלערישן בליק,
און ווידער פאַרשווינדן
אין איין אויגנבליק.

אָט מאַניעט אַ סטעזשקע:
ווייטער, נאָר קום!
וועסט ווי פאַרכישופט
פונעם גאַנצן אַרום.

צוגעטוליעט צום באַרג דאָרט
אַ קליינער קעניאָן פאַראַן;
אַהינצו גאַנץ אָפּט
אַ פאַרבענקטער איך שפּאַן.

# דער נאַכטיגאַל

דער נאַכטיגאַל, נאַכט־זינגער,
איז אַן אָרעם פייגל קליין,
און ווי פיל פון זיין מין
ער האָט אַ פשוטן אויסזען.

אַזוינע פייגעלעך ווי ער
אין די טויזנטער פאַראַן,
אים דערקענען צווישן זיי
מ׳דאַרף זיין אַ פאַך־מאַן.

זעלטן זעט מען אים בייטאָג.
זומער־אָוונט איז זיין צייט,
ווען צום גרינעם וועלדל
ער קומט פון ערגעץ־ווייט.

און ווען הימל איז צעשטערנט,
צעפינקלט און צעהעלט,
און די לבנה סודותדיק
שוועבט אַרום דער וועלט —

דאַן איז ער דער מייסטער,
דער מלך פון געזאַנג!
כישופט וואַלד מיט טרעלן,
נאַכט מיט טרוים און באַנג.

## צו די פאַלנדיקע בלעטלעך

מיט יעדן ווינטל־בלאָז
פאַלן בלעטלעך אויפן גראָז,
מיט קאָלירן ברוין און גאָלד
דער אַרום איז שוין באַמאָלט.

ערשט ניט לאַנג האָט איר געבליט,
געשטיפט, יוגנטלעך געפילט;
איצט, מיט אייער טויטן גוף
ס׳ווינטל חוזקדיק זיך שפּילט.

איר האָט פאַרן בוים — פון זון און לופט,
שטאָפן נויטיקע געוועבט,
און צוזאַמען מיט די וואָרצלען
אים גענערט, געשטאַרקט, באַלעבט.

אָ, גרינע בלעטלעך פון אַמאָל,
אייער פליכט איז אָפּגעטאָן!
דער בוים איז קרעפטיק איצט און וואַקסט,
אין פרישע בלעטלעך אָנגעטאָן.

# אַ שומר־פויגל

אַ שומר־פויגל
שטייט אויף דער וואַך
און פאַרשט מיט זיין בליק
יעדע פאַרדעכטיקטע זאַך.
אָט באַווייזט זיך אַ קאַץ
מיט גנבישע טריט,
דער וואַכזאַמער שומר
קעגן שונא באַלד פליט
און פיקט שוין איר רוקן,
די זייט און אין קאָפּ,
ביז די קאַץ פון אַזאַ מין
ברוך הבא, אַ צעטומלטע
לאָזט זיך אַוועק אין גאַלאָפּ...
נאָר שומר ווייסט איר נאַטור!
תמיד צום קאַמף איז ער גרייט:
ער איז פלינק און איז וואַך,
ער טראָגט זיך פון בוים צו בוים
און פון בוים אויפן דאַך.
שפּירט־נאָך יעדן טראָט אירן, ידריי,
און וואָרנט מיט ליאַרם־געשריי:
„פייגעלעך־פריינט, הערט מיך אויס,
שונא ז'נאָענט! געפאַר ז'נאָך גרויס!
היט־זשע אייערע נעסטלעך
און זיך זעלבסט, ווי מ'דאַרף,
ווייל די קאַץ איז
בלוט־דורשטיק און כיטרע,
מיט נעגל גזלנישע און שאַרף."

## נאַכט־מאָטיוון

אַ נאַכט־שמעטערלינג —
אַזוי פלינק,
אַזוי גרינג,
אין עקסטאַז און פרייד
אַרום לעמפּל זיך דרייט;
דרייט זיך און דרייט,
דרייט זיך און דרייט —
און פון דער נאַכטיקער רו,
פון אַ טונקעלן ערגעץ־וואו,
באַלד אַ צווייטער קומט צו.
און זיי זאַלבענאַנד,
שוין ביים פענצטער און וואַנט,
טאַנצן, פלאַטערן זיי.
אָט, אין איין אויגנבליק
זיך אַ הויב־אויף צוריק
צום מאַגנעטישן שיין.
און פון דער נאַכטיקער רו,
פון אַ פינצטערן ערגעץ־וואו,
נייע געסט קומען צו
און לאָזן זיך אין טאַנץ
אַרום לעמפּלס גאָלדיקן גלאַנץ,
ווי קינדער אין אַ שפּיל,
מיט זאָרגלאָזן געפיל.
און פיל, פיל פון זיי,
די מאָטילן געל און גרוי,
פונם גלי־שיין פאַרבלענדט,
פאַלן טויט און פאַרברענט.
נאָר דער טאַנץ גייט אַלץ אָן,
גייט אַלץ אָן . . .
— — — — — — — —

מיט אַ נייגעריקן בליק
באַטראַכט איך זייער גליק;
און זיין מקנא בין גרייט
זייער לעבן און טויט.



## צו אַ שמעטערלינג

זאָג נאָר, ליבער שמעטערלינג,
פאַרבנרייכער פלאַטערלינג:
פון וועלכן קוואַל, פון וועלכער ברוסט
שעפּסטו פרייד און לעבנסלוסט?
כ׳זע דיך, איבער פעלד אַרום
פלאַטערן פון בלום צו בלום,
ווי אַ העלער וואַנדער־פונק...
אַט אין בעכערל אַ טונק,
מיט די פליגעלעך אַ וואונק,
צו דער הויך צוריק אַ שוואונג,
און ווידער שוועבסטו שוין אַרום
איבער פעלד, פון בלום צו בלום;
זויגסט דעם זיסן זאַפט, דעם דופט,
קוויקסט זיך מיט דער בלויער לופט,
מיט דיין חבר זונענשטראַל,
שטיפסט און פינקלסט איבעראַל —
אַט אין גאָרטן, אַט אין פעלד,
תמיד פריידיק און באַזעלט.
דו באַשיינסט די גרויע וועלט.
זאָג־זשע, ליבער שמעטערלינג,
פאַרבנרייכער פלאַטערלינג:
פון וואַנען אַזאַ לוסט און פרייד,
ווען דיין לעבן באַלד פאַרגייט —
נאָך אַ ווײַלע, און ביסט טויט?

# האָלענבעק פּאַרק

שאָטן־ביימער, סאַמעט־גראָזן,
בלומען־בייטן, מיט שטעגעלעך,
וועגעלעך געשניטן.

אַ גלייכער בריק, און אַ געוועלבטער,
גרינע בענק און בערגלעך־ראַנדן,
און אַ בלויע אָזיערע אינמיטן.

אין די וואַסערן, די שטילע,
קרייצן דורך זיך קליינע לאָדקעס,
און פון שיפלעך מיט מאַטאָרלעך —
קוואַלט פון דאָרט מיט שטיפעריי׳ען
פון פאַרליבטע יונגע פּאָרלעך.

און אָט שווימען ווילדע ענטלעך,
גאַנצע וואַסער־קאַראַוואַנען;
נאָך זיי פּאָלגן גענדז געמיטלעך
און די שטאָלצע ווייסע שוואַנען.

שווימען זיי פאַרביי דעם אינדזל,
בריק און בנין׳ס קליינעם האַפן,
צו אַ ברעג וואו גוטע מענטשן
גרייט פאַר זיי אַ תענוג שאַפן.

זאַט פון ברעקלעך און מאַאיזן
און באַוואונדערנדיקע שטימען,
אָן אַ זיי־געזונט און דאַנק־זאָג
לאָזן זיי זיך ווייטער שווימען.

שטיפן קינדער אויפן שפיל־פּלאַץ,
אין זאַמד, אויף הוידעלקע און גליטש־ברעט,
קלינגען העלע קינדער־קולכלעך
מיט געקלאַנג פון זילבער־גלעקלעך.

אינם שאָטן, אין פאַרשיידענע
פּאָזעס, זעט מען גרויסע רוען.
דאַכט מיר, כ׳זע אַ קונסט־מוזעאום,
און די מענטשן דאָרט — סטאַטועס.

שיינט די ליבע זון אַרונטער,
טרעלט אַ פויגל, זשומעט אַ פליגל,
וויגט און שפּיגלט זיך אַ וועלט־טרוים
אינעם בלויען וואַסער־שפּיגל.

אין אייןווינקל גאָלדענע פישלעך
טוען זיך אַרויף אַ שלענגל;
פליוך! און שוין צוריק אין וואַסער—
לויפט זיי נאָך אַ כוואַליע־רינגל.

ס׳איז יום־טוב׳דיק אין פּאַרקל,
פריילעך, און צו זעלבער צייט אויך שטיל;
דרינגט אַריין די רו אין האַרצן,
שפּראָצט אַ ליכטיקער געפיל.

## אַ באַרג־שטראָם

פון שנייאיקן באַרג־הויך,
צו דער נידער, צום תהום,
בויערט אַ וועג זיך
אַ מונטערער שטראָם.

ער שפרינגט, ראַשט
באַרג־אַראָפּ, באַרג־אַראָפּ...
און זיין מורמל־געזאַנג
מיט אַן עכאָ הילכט־אָפּ.

גייסט פון אומרו און פרייד
צווישן פעלזיקע ווענט;
שטרעבט ער צום ציל —
צו אַ ווייט־ווייטן ענד.

אין זיין לוסטיקן גאַנג
שלעפט ער שטיינער אויך מיט;
גיט אַ שפיל זיך מיט זיי
און, ווייטער שוין פליט.

וואו געאיילט נאָר פאַרביי,
אַ ניי לעבן דאָרט שאַלט;
דאָ — צעבליט זיך אַ בלום,
דאָרט — צעוואַקסט זיך אַ וואַלד.

און אין שכנות אַרום
בויט אַ פויגל זיין נעסט;
מענטש שטעלט אויף זיין געצעלט
און וואָרעם פראַוועט זיין פעסט.

# עמיצער האָט מיט אַ האַנט קאַפּריזנער

געווידמעט פרידאַ און **סעם סנאָו**

עמיצער האָט מיט אַ האַנט קאַפּריזנער
בערג באַוועלדערטע פאַרזייט,
און דער מענטש אויף זייערע רוקנס
שטיבלעך און ווילעס אויפגעבויט.

און אין צייטן פריי פון אַרבעט,
ווייט פון טומל און געיעג,
אין דעם צויבער פון באַרג־סביבה
פאַרווײלט ער שעה'ען פיל און טעג.

לבנה, שטערן דאָרטן שיינען העלער,
פרישער און שאַרפער איז די לופט:
עס זינגען פייגעלעך דאָרט ליבער
און ס'אָטעמט וואַלד מיט סאָסנע־דופט.

עס שלענגלען זיך דאָרט סטעזשקעס פילע,
און אַן אָזיערע דערביי —
וואו מ'שיפט זיך, מ'כאַפּט פישלעך
און מ'פילט זיך יום־טוב'דיק און פריי.

ווען מענטש צוריק אין שטאָט געקומען
צו דער אַרבעט און זיין פליכט,
שוועבט נאָך אַלץ פאַר אים אַ חלום —
דעם באַרגס פאַרפירעריש געזיכט.

# סאָציאַלע מאָטיוון

## איך וואַרט...

איך וואַרט אויפן טרייסטער, דעם הערלעכן נביא,
וועמעס האַרץ איז פון נאָבלסטע טרוימען באַזעלט.
ער זאָל מיטן צויבער פון זיין געטלעכער האַרפע
באַנייען, דערפרישן די בלוטנדע וועלט.

איך וואַרט, ער זאָל קומען און היילן די וואונדן,
וואָס מענטשן האָבן איינער דעם צווייטן געמאַכט;
ער זאָל היילן און טרייסטן, און פאַרטרייבן אויף תמיד
פון קנאה און שנאה די פינצטערע מאַכט.



## ביים פענצטער

עס פליען מיט געפילדער אויטאָמאָבילן,
מיט געקלאַנג לויפן טראַמווייען הין־הער;
עס שטויסן זיך מענטשלעכע כוואַליעס
אין מאָדערנעם שטאָט־פאַרקער.

מיט האַנט אָנגעשפּאַרט אויפן פענצטער,
מיט בליקן געווענדט צו דער גאַס,
באַטראַכט איך דאָס ברויזנדע לעבן
מיט פריידן, געמישט מיט האַס.

אַזאַ ריזיקער מענטשלעכער פאַרשריט!
אַזויפיל דינאַמישע קראַפט!
פאַרוואָס־זשע, מיליאָניקע מאַסן,
אַזוי דום, אַזוי טעמפּ און פאַרשקלאַפט?

# צו היטלערן

(פאַר זיין מפּלה)

דו האָסט זיך צעיושעט, דו ווילדער פּאַגאַן,
פון האס די פאַרקערפערונג, בלוט-דורשטיקער טיראַן!
דו פייניקסט נשמות און תפיסות אַרום —
און רעדסט צו דער וועלט אַזוי תמימותדיק פרום!
פאַרשלינגען די וועלט ווילסטו, חיהשער ברוט,
נאָר ס'שרייט אַזש צום הימל ס'פאַרגאָסענע בלוט!
פאַרשטעלט זיך ווי אַ מלאך, אַ באַשעפעניש מילד,
פאַרראַטן דיך באַלד דיינע מעשים ברוט-ווילד.
נאָר בלוטיקע מעשים און פינצטערער צאָרן
וועלן קיינמאָל דערשטיקן דעם אמת, דעם קלאָרן.
באַשפּייסט זיך אַליין נאָר מיט פאַלשקייט און ליגן,
נאָר יושר און פרייהייט וועסטו קיינמאָל באַזיגן!
זיי בליען און ליידן, זיי וואַקסן דורך טרערן,
און ווי איז צו דעם ווער עס וויל זיי צעשטערן!
און דיר, דו צעיושעטער, ווילדער פּאַגאַן,
פון האס די פאַרקערפערונג, בלוטדורשטיקער „האַן״;
מיין נבואה: טיראַן, דו, ווייל האָסט לעבנס צעשטערט,
וועסטו פאַלן אין בלוט פון באַשטראָפנדער שווערד!

# אַ רוף צו אייניקייט

עס קריגן זיך ברידער מיט ברידער,
זייערע הערצער — מיט שנאה געפילט;
און איבער די קעפּ האָט דער הערשער
מיט אַ פאַרבלוטיקטער בייטש זיך צעשפּילט.

ער גרילצט מיט זיין טייוולישן געלעכטער,
זיין בייטש האַקט אויף לינקס און אויף רעכטס;
ער באַפעסטיקט זיין ווּסטע ממשלה
פון פינצטערניש, זנות, און פון שלעכטס.

און מיר, ווי די הינט, ווילד-צערייצטע,
אויף דעם כיטרען מייסטערס באַפעל,
פאַלן־אָן מיט שוים אויף די ליפּן
און גריזשען אונזער אייגענע פעל...

באַזינט זיך וואָס שנעלער, אַ ברידער,
מאַכט אַ סוף צו דעם זינלאָזן קריג!
פאַראייניקט קעגן פיינט טוט אַ הויב זיך,
צו פרייהייט און אַנטגילטיקן זיג.

## מיר זיינען קליין אין צאָל

געווידמעט דעם „געפּראָפּ“

מיר זיינען קליין אין צאָל,
דאָך שטאַרק און פעסט אין גלויבן.
אמת, יושר, אונזער וואפן,
וועלכער קיינער קען ניט רויבן.

טאָ פאָרויס אין קאַמף, חברים,
סיי אַראַבער און סיי אידן!
פאַרן וואוילזיין פון די מאַסן,
פאַרן נאָבעלן ציל פון פרידן.



## מיין וואונטש, מיין שענסטער טרוים

כ׳וויל, אַז אונזער וויים-בלוי באַנער
פלאַטערן זאָל שטאָלץ און דרייסט
אויף די שיינע בערג פון ציון,
אין דעם ליכט פון פרייען גייסט.

איך וויל אויך, אַז דאָס נביאים־לשון —
די צויבער־שפּראַך פונעם אַמאָל,
זאָל אונז ליבלעך קלינגען ווידער
פון הויכן באַרג און טיפן טאָל.

און איך וויל, אַז אונזער נאָמען
זאָל לויכטן העל, ווי מאָרגן־שיין;
אַז יעדער איינער פון די פעלקער
בענטשן זאָל דעם אידנס זיין.

דאָס איז מיין וואונטש און שענסטער טרוים,
וואָס שפּראָצט אין האַרץ זינט יאָרן פיל;
און איך וועל קיין רו געפינען
ביז דערגרייכט וועט זיין דער ציל!

# די חלוצה

אין אַן אָרעם סיצן קליידל,
און אין „קאַפּיאַ" — זונען־שוץ,
שטייט חלוצה אויף איר פּאָסט —
זייט ביי זייט מיט דעם חלוץ.

אויף דעם כביש און מיני ווירטשאַפט,
אין קיבוץ און אין קבוצה,
און מיט אַ ביקס — אויב מען באַדאַרף —
טוט איר פליכט די חלוצה.

מיט אַ פרייד־ליד און אָפט מיט וויינען,
דאָך מיט דייטלעכן דערפאָלג,
בויט און קעמפט זי מיט טיפן גלויבן,
פאַר דעם קיום און כבוד פונם פאָלק.

איז, ערע דיר, נאָבעלע שוועסטער!
לויב דיין גלויבן, מי, דערפאָלג!
חלוצה, וועסט לעבן אייביק
אין זכרון פון אונזער פאָלק!

# ס'איז קיין שפּאַס

ס'איז קיין שפּאַס צו לעבן אָרעם,
אַ שטיקל ברויט מיט וואַסער עסן,
ווען אַנדערע וואוינען אין פּאַלאַצן
און פון דאָס בעסטע זויפן, פרעסן.

און צו האָבן ווייב און קינדער,
דאָך קיין שיך, קיין העמד, קיין קליידער,
ווען יענע וויקלען זיך אין זיידנס
און זיי פוצן זיך כסדר.

הונגעריק, נאַקעט, מיד פון זוכן
אויף אַ שטיקל ברויט פאַרדינען,
און זיי — תמיד זאַט און זאָרגלאָז
טרייבן פּראַקטיקע מאַשינען.

אָרעם זיין אין מיט פון וואוילטאָג
איז אַ ווייטיק און אַ שאַנדע —
אָט אַזוי זיך לאָזן וואַלטן
פון דער רייכער שווינדלער־באַנדע!

# קריגס-עראָפּלאַנען

ניט פאַר גליק און פאַרגעניגן
דעם מענטשלעכן גייסט באַפרייען און דערהויבן,
האָט אייך באַשאַפן אַ בייזער זשעני
אין אַ טונקעלער שעה פון זיין לעבן.

ווי אַ מחנה רויבער-גיגאַנטן
אָפּגעריסענע פון קייטן,
טראָגט איר אום זיך מיט געפילדער,
טויט און חורבן צו פאַרשפרייטן.

און די וויסטע ערד — זי בלוטיקט,
און דער חורבן שטעכט די אויגן;
און איר רעגנט אַלץ מיט באָמבעס,
די וועלט מיט פינצטערניש פאַרצויגן.

נאָר ניט לאַנג וועט איר נאָך הוליען!
איך ווייס — אויך אייער סוף מוז קומען;
און די ערד, אַ ניי-דערוואַכטע,
בליען וועט מיט פרייהייטס-בלומען.

# דו, וועלכער שאַפּט

דו, וועלכער שאַפּט פֿאַרמעגנס פֿאַרן רייכן,
בויסט בריקן איבער טאָלן, בערג און טייכן,
וואו ס'טראָגט זיך די באַן מיט שנעלקייט פֿון אַ ווינט,
געטריבן פֿון דיין האַנט, געהאָרכזאַם און בלינד.
דו, וועלכער באַהערשסט ימים דורך שיפֿן —
ריזן, וואָס האָסט אַליין געבויט זיי און געמאַכט,
און פֿון ערדס האַרץ, פֿונם אָפּגרונט טיפֿן,
וואו ס'אָטעמט זיך שווער און אייביק הערשט די נאַכט —
ברענגסט צירונג, וואַרעמקייט פֿאַר אונז און ליכט,
באַלעבסט מדבריות און די ווּיסטע פֿעלדער,
פֿלאַנצסט גערטנער און שניידסט וועגן דורך טיפֿע וועלדער
און קוקסט דעם טויט אָן מורא אין געזיכט,
און שטעלסט־אויף פּאַלאַצן פֿאַר דער קונסט און וויסן;
דו, וועלכער בייזט מעכטיק — און דאָך אַזוי שוואַך —
באַגרייף דיין ווערט, דיין ריזן־קראַפֿט, דערוואַך! —
די פֿרוכט פֿון אייגן שאַפֿן צו געניסן!

# דו, קרעמער-וועלט!

אַך, ווי איך האַס דיך, קרעמער-וועלט!
דיין גאַנצן האַנדלס-טאַראַראַם,
דיין שווינדל, ראַנגל פאַרן „דאַ-זיין"
וואָלט איך געטוישט אויף גליק און פרייד,
פאַר אַביסל רו ביים ים,
פאַר די בערג, צי וועלדער־לופט,
פאַר דעם ליבן זונענשיין.
און וואָלט פאַרטוישט אָן שום פאַרדרוס
פאַר רגע'ם שעפעריש גענוס!
נאָר איך בין אַ טייל פון דיר,
מיט אַ טיפן פיין אין מיר.
געשמידט צום אומרייניעם האַנדלס־שפּאַן,
דריי זיך ווי אַ ראָד אין באַן.
נויט, דיין בייטש, שמייסט מיט קראַפט,
זויגסט דאָס בלוט, פון מאַרך די זאַפט,
און טרייבסט אָן אָפּשטעל און אָן רו
צום אומבאַשטימטן ערגעצוואו...
דאָך, אַמאָל געלינגט עס פאָרט
אַרויסצורייסן זיך פון דיין מיט
און מיט דער גאַנצער קראַפט פון וואָרט
פון דעם אויפגעשטורעמטן געמיט,
פאַרדאַם איך דיך, מאַמאָן, דו, וויסט און בלינד,
מיט אַלץ וואָס קניט פאַר דיר און דינט!

# רויט־אַרמייער

(צו זייער קאַמף מיט די נאַציס)

אויף אייך, רויט־אַרמייער, איז געפאַלן דער גורל
צו פּילן דעם בראַנד פון אַ שרעקלעכער שלאַכט.
האָט איר זיך אַנטשלאָסן העראָאיש פאַרמאָסטן
קעגן דער פינצטערער נאַצישער מאַכט.

פאַר יעדן שפּאַן צאָלט דער גרויזאַמער שונא
מיט בערג פון הרוגים און טייכן מיט בלוט.
דאָך שטאַרק איז דער פיינט, דער פאַרהאַסטער,
און ס'הערשט אומעטום זיין קנוט.

אויף יעדער אַטאַקע פון טאַנקן און באָמבערס
און דעם צעשמעטערנדן קאַנאָנען־געקנאַל,
ענטפערט איר מיט אַ פלאַמיקער דרייסטקייט,
און העלדיש ווי לייבן איר קעמפט איבעראַל.

קוקט זיך די וועלט צו מיט אָטעם פאַרכאַפּטן
צום מעכטיקן געראַנגל אויף לעבן און טויט,
צווישן די קעמפער פאַר יושר און פרייהייט
און די טרעגער פון חושך, קנעכטשאַפט און נויט.

כ'האָב צו אייך צוטרוי, איר, רויטע אַרמייער!
איר'ט זיגן, און ניט דער בלוט־דורשטיקער פיינט!
צום גליק פון דער ליידנדער מענטשהייט,
און פרייד און יובל פון אייגענע פריינט.

און אין וויטערן גאַנג, אין געשיכטע פון לעבן,
וועט פריידיק דערמאָנט ווערן די הערלעכע צייט,
ווען ס'האָבן די העלדישע רויטע אַרמייער
די וועלט פון פאַרברעכן און שרעקן באַפרייט.

## צו אַ ראַסיסט־פאַנאַטיקער

ווי קען מען עם דערקלערן,
מיט שכל צו פאַרשטיין,
אַז אַ מענטש דעם צווייטן
זאָל ווײ־טאָן ביז׳ן ביין?

אַז צוליב יענעמס אָפּשטאַם,
הויט־קאָליר און גלויבן,
פאַרהאַסן גאָר דעם צווייטן
אויפן גאַנצן לעבן?

קען אַ מוח זיין אַזוי פינצטער,
און ס׳האַרץ — ווי אַ האַרטער שטיין,
אַזוי צו מאַטערן אַ ברודער
און ניט קענען הערן זיין געוויין?

דאַן ביזטו אַ גייסטיק־קראַנקער,
גרויס סכנה איז דיין געשטאַלט!
און דיין פּלאַץ איז אונטער גראַטעס
און פּסיכאָ־פּאַטאַלאָגישן אנשטאַלט.

# דאָס אַלט־נייע ליד

אַ צי דורך די סטרונעס פון געטלעכער לירע
און ס'גיסן זיך קלאַנגען פון הימלישער שירה...
עס ציטערן הערצער דערהערנדיק זיי —
דאָס זינגען מלאָכים אין רוים פון גאָלד־בלוי.
עס גיסן זיך טענער אַלץ דרינגענדער מער,
דאָס קלאָגן מלאכים פאַר גאָט, פאַר דעם האַר:
„אָ, גאָטעניו ליבער, דו האַר פון דער וועלט,
פאַרוואָס האָסטו פיין פאַר דעם מענטש אויסגעוויילט?
פאַרוואָס איז דיין צאָרן אויף אים אַזוי גרויס ?
צעטרעטסט דאָך אַליין דיין פאַרפומיקע רויז ! ”
— — — — — — — — — — — — — — — —
עס פליסן די קלאַנגען און שטראָמען אַלץ מער,
ווי זויבערע פערל — אַ טרער נאָך אַ טרער.
— — — — — — — — — — — — — — — —
נאָר פלוצלונג, און ס'דונערט אַ מעכטיקע שטים,
און עכאָס וויברירן אין ספערן אַרום.
אין הימלישן טעמפל ווערט מוראדיק שטיל.
עס שעפטשען נאָר תפילות די שרפים, כהנים,
און רויכערן ווייררויך מיט יראה־געפיל.
עס רעדט איצט דער הערשער פון וועלטן,
דער שעפער, דער מעכטיקער גאָט:—
„פאַרוואָס איך שטראָף מענשטן, פאַר אייך איז אַ וואונדער?
עס זיינען די מענטשן פאַרשוועכער און זינדער!
איך האָב זיי מיין הימלשע תורה געגעבן,
וואָס לערנט ווי אַזוי זיך צו פירן אין לעבן,
נאָר זיי מאַכן אַלצדינג צו שאַנד און צו שפּאָט
מיין הייליקע תורה מיט די צען געבאָט;
אָ, כל זמן ס'וועט הערשן די שנאה אויף ד'רערד,
און מענטש וועט באַנוצן די ביקס און די שווערד,
וועט ער קריגן זיין פאַרדינטע שטראָף:
אַ לעבן פון ליידן, און ליידן אָן אַ סוף”...
אָפּגעדונערט האָט דער בורא זיין אורטייל פון צאָרן.

אַ חושך פֿאַרהילט האָט דעם הימל דעם קלאָרן,
און מלאָכים מיט הערצער פֿול אומעט און שרעק
זיינען צו זיך אין די צעלטן אַוועק.



## בענקשאַפֿט

אַך, ווי ס'בענקט מיין האַרץ אַהין,
וואו די פֿעלדער סאַמעט־גרין,
מיט בלומען, פֿאַרבנרייך באַקוויט,
שפּרייטן זיך לענגאויס און ברייט,
וואו דער שאַטנדיקער וואַלד
סודות־רייץ אין זיך באַהאַלט;
וואו מיט כוואַליעס, מילד, אין טייך
שטיפֿן פֿישעלעך צוגלייך;
וואו פֿון באַרג־שפּיץ, שניי־פֿאַרוויטן,
מיט אַן אומגעצוימטן אימפּעט
און אַ הילכיק ווידער־קול
איילט דער וואַסערפֿאַל צום טאָל;
וואו דער בלויער ימים־טיף
שפּיגלט־אָפּ פֿון ווייט אַ שיף;
וואו די לופֿט איז קרישטאָליק־ריין
און דער הימל — מלא חן,
און פֿויגל־טרעל און צווייטשעריי
עכאָט כישופֿדיק און פֿריי...

נאָר טיפֿער כ'בענק צום ציל און שטאַנד
פֿון דעם טרוימערס וואונדערלאַנד,
וואו מענטש — דער שאַפֿונגס־קרוין,
שקלאַפֿט נישט מער פֿאַר הונגער־לוין;
דאָרט וואו אַלע ברידער גלייך
געניסן זייער חלק רייך...
אַך, ווי בענקט מיין האַרץ אַהין,
וואו דאָס לעבן האָט אַ זין!

# אַך, דו ליבער „אָנקל סעם"

(צו ניקסאָנס באַזוך אין ווענעצועלאַ)

אַך, דו ליבער „אָנקל סעם"!
וואָס פּאַסירט האָט מיט דיין שם ?
שטעלסט אריין נאָר וואו אַ פוס
איז דאָרט ווייטאָג און פּאַרדרוס,
מ'פּאַרגיסט אפילו בלוט,
איז עס פּשוט גאָר ניט גוט !
וויל איך ביי דיר אַ שאלה פרעגן:
אפשר גייסטו אויף קרומע וועגן?
ווי־זשע פּאַסט עס, אַז דיינע זין,
די שענסטע פונם מענטשן־מין,
זיי, די פרייע און די בראַווע,
אַזוינע זאַכן טאָן טשיקאַווע ?
כ'בעט, דערקלער, שולדיק איז ווער?
כ'ווייס, דעם אמת זאָגן איז גאַנץ שווער.
פיליכט אין דיינע מיליאָנערן ליגט די צרה —
די זשעדנע לייט נאָך מאַכט און געלט?
איז געשלאָגן מיט זיי כפרה
פאַר דעם וואוילזיין פון דער וועלט !

## כ׳וויל ניט אויפגעבן מיין גלויבן

כ׳וויל ניט אויפגעבן מיין גלויבן,
אַז ס׳וועט דאָס לעבן שענער זיין;
אַז ניט תמיד וועט די וועלט זיך
באָדן אין אַ ים פון פיין.

אַז ניט תמיד וועט די שנאה
גליווערן דעם מענטשנס פאַרשטאַנד,
און דער האַס וועט אַלץ צעשטערן:
מענטש און גלויבן, פאָלק און לאַנד.

יאָ, עס ווילט זיך מיר נאָך גלויבן:
ס׳וועט טריאומפירן דער פאַרשטאַנד;
אַז מענטש צו מענטש וועט ברודער ווערן,
און מיט ליבשאַפט אויסשטרעקן זיין האַנט!

## מיט געלעכטער זילבער־דין

מיט געלעכטער זילבער־דין
קלינגען גלעקלעך גלין־גלין־גלין —
ווער זאָגט ס׳לעבן האָט קיין זין;
אַז ס׳איז ביטער, אַז ס׳איז שווער? —
ס׳איז פֿאַרבלענדעניש, ניט מער!
קום מיט מיר נאָר, חבר מײַן,
אין מײַן רײַטוואָגן אַרײַן,
זײַבער־גאָלד׳נעם וואָגן מײַן.
ס׳שטייט אַ טראָיקע דאָרט געשפּאַנט,
פֿערדלעך יונגע, זודיק, בראַנד;
פֿלאַמען זיי מיט אויגן ברוין,
קאָנען אויף קיין פּלאַץ ניט שטיין.
מיט פּאַדקאָוועס, שאַרף ווי שווערד,
גראָבן אונטער זיך די ערד;
און פֿון אומגעדולד רק הירזשען,
שטאָלענע ציימלעך קייען, גריזשען —
כ׳גיב די לייצעס נאָר אַ צי,
מיט דער בײַטש אַ שמיס, אַ ברי,
און מיר פֿליען — ווינט צוגלייך —
צו אַ וואונדער קעניגרייך,
וואו ס׳איז זאָרג ניט מער קיין זאָרג,
און דער פּיין ניט מער קיין פּיין;
ס׳איז דאָרט אייביק זונענשיין.
תמיד הערשט דאָרט פֿרייד און שלום —
צו דעם לאַנד פֿון מײַן באַגער,
מײַן נשמה׳ס לויטערן חלום.

## לאָמיר זינגען וואָס מער טרוימען

וויסט און טרוקן ווי סאַהאַראַ
וואָלט געווען אונזער לעבן,
ווען ניט טרוימען און געזאַנגען
וואָלט דאָס האַרץ כסדר וועבן.

ווי קרישטאָל־ריינע קוואַלן
פון ערדס טיף אַרויפגעריסן,
פאַרוואַנדלען וויסטע מדבר־שטרעקעס
אין צעבליטע אָאַזיסן —
אַזוי באַפרוכפּערן זיי דעם גייסט
און באַרייכערן געפילן,
ווי אין בין־השמשות שעה
אַ מעלאָדיש האַרפן־שפּילן.

איז מער געזונגען! וואָס מער טרוימען,
ביז די וואונדער־צייט וועט קומען,
ווען ס'וועט די וועלט זיין אַ גן־עדן,
פול מיט צאַרטע מענטשן־בלומען.

## דער מענטש האָט פליגל באַקומען

דער מענטש האָט פליגל באַקומען —
ס׳אַ שטאָלץ און ס׳אַ פרייד!
ער קען איצט דעם ערד־קוגל קרייצן
דורך זיין גאַנצער לענג און ברייט.
פליט ער שנעלער פונם אָדלער,
העכער פונם פויגל־מין.
ס׳גאַנצע לעבן האָט איצט געקראָגן
אַ נייעם טייטש, אַ נייעם זין!
וועט ער גרעניצן פאַרווישן,
איין משפחה־וועלט וועט זיין.
ווי גראָז אין פעלד וועט פרייהייט שפּראָצן,
אונטערן בלענד פון אַ נייער שיין.
אַזוי האָב איך געהאָפט, געטרוימט.
וואָס־זשע פאָרט פאַסירט האָט איצט?
ווער האָט עס אין בעכער וויין, וואָס קרעפטיקט,
טויטלעך גיפט אַריינגעשפּריצט?
ווער האָט דעם טרעגער פון פרייהייט און שלום
פאַרוואַנדלט אין אַ שליח פון טויט,
וואָס לאָזט שטעט און לענדער פאַרוויסט
און בית־עולמס אומצאָליקע פאַרזייט?

— — — — — — — — — — — —

שולדיק זייט איר, אָ, רויב־מאַגנאַטן!
נאָר ווי גרויס ס׳זאָל ניט זיין אייער מאַכט,
וועט דער געגאַרטער טאָג דאָך קומען
מיט זיין הערלעכקייט און פּראַכט!

# ישראל אין קאַמף

איבער די גליענדע זאַמדן פון נגב,
די פרוכטבאַרע פעלדער פון גליל,
די דופט־פאַרשיכורנדע גערטנער פון שרון,
דעם רוישנדן ירדן און פאַרחלומטן כנרת,
ביז דעם ווייס־קעפּיקן באַרג לבנון,
איבער שטעט און קבוצות, וואָס טוליען זיך נאָענט
אין בערג פון יהודה.—
אויף שיפן און איבער דעם טויער פון ימיקן האַפן,
שטאָלץ פלאַטערט די ווייס־בלויע פאָן פון ישראל.
און איבער אַלץ וואַכט די גבורה פון אידישן וואפן.
און ס׳פלעכטן זיך נייע לעגענדעס וועגן נאָבעלע העלדן,
ווי אַ גאָלדענע קייט פון אַמאָל און פון היינט:
אַ פלאַמיקע וואָרנונג די לויערנדע שונאים,
אַ פריידיקע בשורה צו די ערלעכע פריינט.
ס׳האָט דערוואַכט אונזער פאָלק פונם שלאָף פונם לאַנגן
און אויף דער זייט פון פאָרשריט זיך געשטעלט;
און מיט פרייהייט־ליבנדע פעלקער צוזאַמען
שפּאַנט ער אַנטקעגן אַ זוניקער וועלט.

# צו דער 15-טער סעסיע פון דער „יו־ען״

נאָך דער פינצטערער וועלט־משוגעת,
שרעקלעכע שחיטות און בערג פון הרוגים,
מיליאָנען פאַרקריפּלט פיזיש און גייסטיק,
מיט צאָללאָזע היימלאָז אויף תמיד פאַריתומט;
די מענטשהייט אין מאָמענטן פון קלאָרן באַוואוסטזיין
באַשאַפן האָט דיך, אָ, „יו־ען״—
אַ טריבונע פאַר פעלקער — אַ וועלט־פאַרלאַמענט,
און ערנסט באַשלאָסן: קיין מלחמות מער פירן,
שליסן סכסוכים אין אַ פרידלעכן וועג;
פעלקער שטאַרקע און רייכע פאַרשפּראָכן די שוואַכע —
ברידערלעך העלפן מיט קענטעניש און זייער פאַרמעג.
ניט מער קיין פאַראורטייל קעגן נאַציעס און ראַסן...
חבריש העגט זיך געבן, און אויס מיט שפּאַט און האַסן!
ישעיה׳ס נבואה ווערט פאַרווירקלעכט אין אונזערע טעג!..

פופצן יאָר זיינט דאַן פאַריבער — אַזוי פיל אסיפות!
נאָר קיין שום תכלית און קיין שפור פון אַ וועג.
ווער־זשע האָט עס די נאָבעלע אידייע
צעשטויבט און צו גאָרנישט געמאַכט?
זיי, די זעלביקע הערשער־פאַרפירער,
וואָס דורשטן, ווי תמיד, נאָך רייכטום און מאַכט!
זיי האָבן די מענטשהייט צום אָפּגרונט געבראַכט!
נאָר די צייטן זיינען איצט אַנדערע:
די פעלקער פאַרשקלאַפטע, פון זייער
לאַנג־יאָריקן שלאָף אויפגעוואַכט,
און אין פיל־בלוטיקע שלאַכטן
געשטאַלט זייער ווילן און מאַכט!
טאָ ניט וואַגט זיך זיי שטעלן אַנטקעגן!
זיי שפּאַנען איצט מיט אַ מונטערן טראָט
צו יושר און פרייהייט — די ליכטיקע ברעגן!

# צו דר. פאָלינג

מיט קלאָרע דיבורים פאַר דער גאַנצער וועלט צו הערן —
וועלט, וועלכע איז פון טאָטאַלער פאַרניכטונג באַדראָט,
דו, וויסנשאַפטלער-קעמפער, טרעטסט מוטיק אַרויס
קעגן שונאים פון אמת מיט דיין פייערדיק וואָרט.
דו וואָרנסט אָן אויפהער די מענטשהייט וועגן וויסטער
נוקלעאַ-אַטאָמישער געפאַר, וואָס לויערט
אַזוי פינצטער-געדיכט איבער אונזערע קעפ,
שליידערסט הערשער אומדערשראָקן דעם אמת
און אַנטפּלעקסט אינטריגעס פון זייער וואַנזין־געוועב;
ווילן זיי ס'מויל דיר פאַרמאַכן, שרעקן מיט
תפיסה און פאַרפאָלגונג אָן אַ ברעג.
נאָר דו, בראַווער וויסנשאַפטלער-קעמפער,
שפּאַנסט אָן מורא פאַראויס אויף דיין יושרדיקן וועג;
און גייסט קיין איינציקן טראָט אויף צוריק!
און קעמפסט אין די פאָדערשטע רייען
פאַר שלום, פריינדשאַפט און מענטשלעכן גליק.
דו ביזט אונזער היינט־צייטיקער נביא —
אַ כהן-גדול ביים הייליקן עמוד!
טאָ זאָל לעבן און געבענטשט זיין דיין נאָמען אויף תמיד.

## ווי יענע פון בבל

עס בויען די מענטשן, ווי יענע פון בבל,
טורעמס פון שטאָלץ און ניט געשטויגענעם גליק.
און קריגן די זעלביקע שטראָף און מפלה,
ווי יענע, מיט טויזנטער יאָרן צוריק.

עס מישן זיך אַלץ נאָך דיאַלעקטן, לשונות,
און מענטש קען זיין ברודער נאָך אַלץ ניט פאַרשטיין.
אַנשטאָט ליבע און אַחדות צו שטאַרקן און נערן —
קערנער פון שנאה זיי פלאַנצן און זייען.

אַזוי זינקען יאָרן אין אָפּגרונט פון לעבן;
עס טוישן זיך דורות אין בלוטיקן דראַנג.
נאָר שנאה און זעלביקער אומזין — זיי בליען,
ווי תמיד, אין מענטשלעכן האַרץ און געדאַנק.

פרעג איך אַ קשיה: וואָלט ניט צייט שוין געוועזן
דעם דאָ־זיין באַזינען מיט אמתן ווערט,
און שאַפן אַ לעבן פון יושר און אַכטונג,
און דויערנדן שלום אויף דער גאָרער ערד ?

# דער מלאך

פון מ. יו. לערמאָנטאָוו

געשוועבט האָט אַ מלאך איבער הימל נאַכט־שפּעט
און געזונגען אַ ליד — אַ געבעט;
שטערן, אי וואָלקנס און לבנה אינדערמיט,
איינגעהערט האָבן זיך צום הייליקן ליד.
וואוילטאָג פון זינלאָזע גייסטער באַזונגען האָט ער,
די, וואָס וואוינען צווישן פּאַראַדיז־גערטנער.
גאָטס גרויסקייט באַזונגען — און זיין לויב איז געווען
ניט געפּעלשטער און ריין.
ער האָט געטראָגן אַ יונגע נשמה אין זיין שוים,
פאַר אַ וועלט, וואָס איז מאַטערניש בלויז,
און קלאַנג פון זיין ליד אין יונגער זעל
פאַרבליבן אָן ווערטער, דאָך לעבעדיק־העל,
האָט זי זיך געפּייניקט אויף דער וועלט גאָר לאַנג,
געפילט מיט אַ וואונדער־פאַרלאַנג,
און ס'האָבן איר ערדישע אומעט־געזאַנגען
ניט געקענט פאַרבייטן די הימלישע קלאַנגען.

# דער געפאַנגענער

פון מ. לערמאָנטאָוו

עפנט אויף פאַר מיר די תפיסה,
גיט די שיין מיר פונם טאָג.
אַ שוואַרץ־אויגיקע מיידל,
און אַ פערד אַ בראַנד, צום יאָג.
כ׳וועל צוערשט געשמאַק אַ קוש־טאָן
די יונגע שיינהייט מיין,
און אַ שפרונג אויפן פערד — ווינט צוגלייך —
אַ פלי טאָן אינם סטעפּ אַריין.
נאָר הויך איז דאָס פענצטער פון דער תפיסה;
אונטער שלאָס די שווערע טיר;
און דאָס מיידל, די שוואַרץ־אויגיקע,
איז דאָרט אין טורעם — ווייט פון מיר;
און דאָס פערד, אַן אומגעצוימטער,
זיין עק צום ווינט געשטעלט,
טראָגט זיך שפּילעוודיק און לוסטיק
איבערןברייטן גרינעם פעלד.
בין איך עלנט — קיין פונק פון פריידן;
ווענט בלויז נאַקעטע אַרום,
אַ בלויזער שטראַל פון איקאָנע־לעמפּל
צאַפּלט זיך אין גסיסה שטום.
און איך הער נאָך ביי די טירן,
דורך דער שטילקייט פון דער נאַכט,
טריט געמאָסטענע פון וועכטער,
וועלכער שפּאַנט אום שטום און וואַכט...

# כמאַרע

פון **א. פושקין**

די לעצטע כמאַרע פון שטורעם צעזייטן —
אַן איינציקע טראָגסט זיך אין לויטערע ברייטן.
אַן איינציקע דו אינם יובל אַרומעט,
ציסט אָן אַ שאָטן פון טרויער און אומעט.

האָסט ערשט באַלאַגערט דעם הימל ניט לאַנג,
אַרום דיר האָט געפלאָכטן אַ בליץ ווי אַ שלאַנג,
מיט געהיימען דונער האָסט די וועלט אָנגעפילט,
און ערדישן דורשט מיט אַ רעגן געשטילט.

גענוג שוין, ווער נעלם! אַצינד ביסטו פריי,
די ערד אָפּגעפרישט און שטורעם איז פאַרביי;
עס לאַשטשעט נאָר בוימיקע בלעטלעך דער ווינט,
און פון באַרואיקטע הימלען טרייבט דיך געשווינד.

# קאַווקאַז

**פון א. פושקין**

קאַווקאַז איז אַנטפּלעקט פאַר מיר. אויף אַ באַרג-לאַנד,
אַ שניי־באַדעקטן — כ'שטיי אַליין ביים אָפּגרונט־ראַנד;
אַן אָדלער זיך געגעבנדיק אַ הויב פון טורעמדיקער הויך,
שוועבט באַוועגלעך־קוים, מיט מיר באַגלייך.
כ'זע פון דאַנען ס'געבורט פון קוואַלן,
און ערשטן ערד־ברוך אין דראָענדן באַוועג,
דאָ גייען כמאַרעס פרידלעך זייער וועג;
און דורך זיי אַרונטער רוישן וואַסערפאַלן.
אונטער זיי — מאַסיווע פעלזן נאַקעט־שטאַרע;
נאָך טיפער — שיטער מאָך און קוסטן דאַרע.
דאָרט, קייטלען זיך וועלדלעך, די גרינינקע שוועלן,
וואו הירשן יאָגן זיך און פייגעלעך טרעלן.
און דאָרטן שוין מענטשן זיך נעסטלען אין בערג,
און ס'פויזן שעפסן אויף באַהעלטע וועגן
און אַ פאַסטוך נידערט צו פריידיקע טאָלן,
וואו אַראַגוואַ זיך טראָגט צווישן שאָטנדע ברעגן,
און נאָמאַדישער רויבער אין פעלזן־שפּאַלט זיך טוליעט,
וואו דער טערעק שפּילט אַזוי און הוליעט;
שפּילט, וואָיעט, ווי אַ יונגע חיה אינם שטייגן־קרייז,
ווען זי דערזעט פאַר זיך די שפּייז;
מיט אַ נוצלאָזער שנאה ער שלאָגט אָן דעם ברעג־שוועל
און לאָקט די פעלזן מיט אַ הונגעריקער וועל...
נאָר ווי! ער קריגט קיין שפּייז, און פרייד ברענגט קיינער,
און ס'דריקן אים נאָר דראָענד שטומע ריזן־שטיינער.

# דער פאָנטאַן פון באַכטשיסאַראַי

(אַ פראַגמענט)

פון **א. פּושקין**

ס'האָט נאַכט זיך אָנגערוקט; מיט שאָטנס זיך באַדעקט
טאַווּרידאַ'ס דופטנדיקע פעלדער;
כ'הער דאָס טרעלן פון אַ נאַכטיגאַל
פון שכנישע לאַוראָווע וועלדער.
הינטער שטערן־כאָר לבנה גייט אויף,
און פון וואָלקנלאָזן אויבנאויף,
אויף טאָלן, וואַלד און בערגלעך שטום,
גיסט זי איר מאַטן ליכט אַרום.
ווי לייכטע שאָטנס, וואָס שווינדן פאַרביי,
אין ווייסע שאַלן איינגעהילט
איבער גאַסן פון באַכטשיסאַראַי,
פון הויז צו הויז, איינע צו דער צווייטער
אָרעמע טאָטערקעס זיך איילן
מיט אָוונט'ס פרייע רגע'ס טיילן.
ס'שטומט דער הויף. צום שלאָף־האַרעם פאַרנומען
מיט אַ זאַטער פרייד אַרומגענומען;
קיין זאַך צעשטערט ניט די רו פון דער נאַכט.
דער טרייער שומר, דער יעווּנוך,
זיין וואַך־פּלאַץ מיט פאַרזיכט דורכגעקרייזט,
איצט דרעמלט ער. דאָך שרעק אין אים, רעגט־אויף
אויך זיין שלעפעריקן גייסט.
דערוואַרטונג פון אָפטע פאַרראַטן
זיין מח גיט קיין רו,
ס'דאַכט אים: אַ שאָרך, אַ פליסטער,
צי אַן אויסגעשריי ערגעץ־וואו.
אָפּגענאַרט פון פאַלשע קלאַנגען
כאַפּט ער אויף זיך מיט אַ ציטער
און מיט אָנגעשפּיצטן אויער
הערט זיך צו צום מינדסטן פליטער.
נאָר אַלץ אַרום אים שטומט;

און נאָר זיס־טאָניקע פּאָנטאָנען
פון דער מאַרמאָר תפיסה שלאָגן.
און קיינמאָל מיט ליבער רויז צעשיידטע
אין דער פינצטער נאַכטיגאַלן זינגען;
הערט זיך צו צו זיי דער יעוונוך
און ווערט צוריק אין שלאָף פאַרזונקען.



## די קאַרשן

פון **א. פּושקין**

מיט באַגינען־רויטקייט
קליידט זיך דער מזרח אוים,
און אין דאָרף, הינטערן טייך,
לעשט אַ פייערל זיך אוים.
און די פעלדער מיט פערל־טוי
זיך באַצירט די קוויטן,
און סטאַדעס פון שלאָף אויפגעוואַכט
אין ווייכע סטעפּעס ברייטע.
ס'ציען זיך צו די וואָלקנס
גרויע נעפּל־זיילן,
און פּאַסטושקעס יונגע
צו די פּאַסטוכער איילן.
מיט אַ מורמל טראָגט זיך
אַ קוואַל צווישן די בערג,
און דורך פינצטערניש זיך גאָלדיקט
בלויער וואַלד ביים וועג.
אָט ראַשט אַ יונגע פּאַסטושקע —
צום מאַרק וויל זיין אין צייט,
ברומט אונטער אַ לידל
און קוקט זיך אינדערוויים.
אויף אירע פולע בעקלעך
שפּילט אַ פאַרב ווי אַ רויז,
און פון מילדע אויגן
אומשולד שיינט אַרוים.

פאַרפּוצט דעם צאָפּ קאָקעטיש
מיט אַ געשיקטער האַנט,
ווייל איר שלאַנק פּיסל
כישופט נאָכאַנאַנד.
אָט צום קאַרשן־גאָרטן
איז זי צוגעקומען,
פּירות פול געראָטענע
דאָרט פאַר זיך געפונען.
זייער רייצנד אויסזען
שיינהייטס חשק וועקט,
נאָר דאָ שטעקט אַ סכנה —
און דאָס וואָס טאַקע שרעקט.
— — — — — — —
אַ קלער געטאָן, באַשלאָסן
די קאַרשן צו פאַרזוכן.
אַ כאַפּ געטאָן דאָס צווייגל,
אויפן בוים נעמט קריכן.
שוין כמעט דערגרייכט עס,
באַלד דעם לוין וועט קריגן,
און מיט פאָרזיכט טרעט זי
אויף די צווייגן־שטיגן.
שטרעק נאָר אויס די האַנט דיין
און די קאַרשן זיינע דיינע.
נאָר ווי, וואָס'ט פאַסירט דאָרט —
פאַסטושקע ליבע מיין ?
זי האָט דערזען פון וויטן
אַ פאַסטוכלס געזיכט
און האָט פאַר שרעק פאַרלוירן
איר קערפּערס גלייכגעוויכט.
זי פילט: דער צווייג צעשפּאַלט זיך,
אַן אומגליק וועט געשען!
פאַסטושקע איז געפאַלן.
ווי אַזוי ?
ס'אַ שאַנדע נאָר געווען!

# אַ ליד פון אַ נימף

פון א. קאָלצאָף

לאָמיר, חברטעס,
פריילעך, אַלע באַנאַנד
זיך לאָזן היינט
צום פעלזיקן ראַנד.

מיט אַ הילכיק געזאַנג
פאַרקלינגען די פעלדער,
פאַרהוויגן די ווייטקייט
און די שטומע וועלדער.

אָנרייסן קוויטן,
אויספלעכטן קראַנצן,
לכבוד אונזער מלכה
זינגען און טאַנצן.

און מיט אָנקום פון מאָרגן
פּלוצלונג ניט ווערן;
פאַרשווינדן אין כוואַליעס,
ווי פאַלנדע שטערן.

# אַ שיפער

פון **א. ניקיטין**

ס'פלאַמט די זון אין מערב־זייט,
מיט גאָלד און פורפור איז ים באַשפּריצט;
אַן איינזאַמע זעגל־שיף, ווי אַ פויגל,
איבער דער קילער פלאַך זיך גליטשט.

ס'פינקלט וואַסער־שלעפּ הינטערן רודער,
זעגלען רוישן ווי פליגל אין געפעך;
אַרום — אַן ענדלאָזע וואַסער־ברייט,
און ים מיט הימל זיך באַהעפט.

זאָרגלאָז זינגט אַ ליד דער שיפער,
זיין ליד—אַ לוסטיק־פרייע ;
און פון דרום אַ שוואַרצע כמאַרע
גייט־אויף , ווי אַ רויך פון פייער.

אַט, דער ים צעקאָכט זיך;
פאַרשטומט דער זינגער לייכט געמיט ער;
אויגן צינדן זיך מיט פייער—
ער איז אַ קעניג איצט און ריטער!

אַט־דאָ דערקען איך מיר דעם מענטשן—
באַזיגער פונם ים אין צאָרן,
און ליב איז עפּעס מיר צו טראַכטן,
וואָס איך בין אויך אַ מענטש געבאָרן.

# אַ פּרילינג־בשורה

פון ח. נ. ביאַליק

אַ גאָלדענע פּייל האָט דורכגעשטאָכן די לופט,
ווי אַ בשורה פון אַ הימל אַ ווייטן.
דורך איר זויבערן בליאַסק אָנגעזאָגט:
באַלד וועט קומען דער פרילינג צו רייטן!

אַ נייע ליכט האָט זיך צעגאָסן אויף דער ערד—
דער ערשטער ווינט האָט זיך אַ דריי געטאָן אין אַ רייס,
און ווי זן גלאָזט האָ טדער וועלט,
אַז איינגיכן וועט זיין פילע נייס.

האָבן שטראָמען געהערט און געראַשט,
געאיילט מיט געזאַנג און געשפּרונגען.
איינער דעם צווייטן מיט פריידן דערציילט:
מיר ברענגען פיל נייעס, מיר ברענגען!

פלוצלונג, און אָט איז אַ שוואַלב — פונוואַנען
איז די „פלינקע״ אָנגעקומען?
איז דורך ווי אַ פייל, און פון דאַכ׳ם הויך
אויסגעשאַלט: „וועלטס יום־טוב איז געקומען״!

# פאַרענדיקט איז דער טאָג

פון ה. וו. **לאָנגפעלאָו**

פאַרענדיקט איז דער טאָג. אַ פינצטערניש
פאַלט פון די פליגל פון דער נאַכט,
ווי די פעדער פון אָדלער אין פליען,
וואָס פלאַטערט אַרונטער באַזאַכט.

איך זע דאָס ליכט פונם דאָרף
דורך נעפּל און רעגן גליען,
און קען ניט ביישטיין די געפילן,
וואָס דורך מיין נשמה זיך ציען.

געפילן פון טרויער און בענקשאַפט,
וואָס איז ניט גלייך צו וויי;
און ענלעך אַזוי איז צו פיין נאָר,
ווי רעגן — צו נעפּל-גרוי.

נעם, לייען פאָר אַ פּאָעמע,
אַ פּשוט און אַ האַרציק ליד.
שטיל מיין אומרו, פאַרטרייב געדאַנקען,
וואָס מאַכן מיר שווער דאָס געמיט.

ניט פון די אַלטע ריזן-מייסטער—
גייסטער פון דער אייביקייט,
וועמעס טריט, ווי אַן עכאָ, הילכן
דורך קאָרידאָרן פון דער צייט.

ווייל זיי, ווי מיליטער-מוזיק,
מעכטיק רופן צו ערגעץ-וואו —
צום לעבנס ענדלאָזן שטרעבן און מי,
און איך גאַר נאָר איצט נאָך רו.

לייען פון אַ באַשיידענעם דיכטער,
וועמענס לידער זיך שפּאַרן פון האַרץ,
ווי אַ שפּריי־רעגן פון זומער־וואָלקנס,
ווי טרערן דורך קלעמענדן שמאַרץ;

וועלכער האָט דורך רולאָזע שעה׳ען
ביינאַכט, נאָך טאָגיקער מי,
דערשפּירט אין זיך אַן אויפשטייג
פון אַ וואונדערלעכער מעלאָדי.

די לידער, וואָס שטאַרקן דאָס האַרץ,
דעם רולאָזן פּולס טוען שטילן;
און קומען ווי אַ ברכה און דערהויבונג
נאָך אַן ערלעכער, האַרציקער תּפילה.

דאַן לייען פון בוך, דיין געשעצטן,
אַ ליד פון דיין אייגענעם אויסוואַל,
און באַרייכער דעם פערז פון דיכטער
מיט דער שיינקייט פון דיין האַרציק קול.

און זאָל די נאַכט זיין פול מיט מוזיק,
און די גיפטיקע זאָרגן פון טעג —
ווי נאָמאַדן זייערע צעלטן פאַרפּאַקן
און פאַרנעמען זיך גנביש אין וועג.

# דער מאַן מיט'ן יעט־העקל

פון **ע. מאַרקהאַם**

גע‍בויגן אין שווערקייט פון פילע הונדערט יאָר,
אויף דעם יעט־העקל אָנגעשפאַרט,
שטאַר בליקט ער צו דר'ערד.
מיט אַ פוסטקייט פון דורות איז זיין פנים געפילט,
און ער טראָגט אויף זיין רוקן דעם יאָך פון דער וועלט.
ווער האָט עס אים פאַרגליווערט —
צו פאַרצווייפלונג געבראַכט ? —
אַ זאַך וואָס פילט ניט מער און אויף גאָרנישט האָפט.
אַ טעמפער, אַ דערשלאָגענער, אַ ברודער צו אַן אָקס.
ווער האָט עס לויז געמאַכט און אַראָפּגעלאָזט זיין קינבאַק?
וועמעס האַנט האָט צעקאַרבט און צערונצלט זיין שטערן?
ווער האָט עס פאַרלאָשן דאָס ליכט פון זיין מוח ?
איז דאָס דער יעניקער, וועמען גאָט האָט באַשאַפן
אַ הערשער צו זיין איבער ים, איבער לאַנד;
צו נאָכפאָלגן די שטערן און פון די הימלען שעפן כוח ;
די ליידנשאַפטן פון דער אייביקייט צו פילן ?
איז דאָס דער טרוים פון אים, וואָס האָט
די זונען אויסגעפורעמט
און אָנגעצייגט דעם וועג דורך אַלטן טיפן תהום ?
פון איין ברעג ביזן צווייטן פון גיהינום
איז קיין ערגערער געשטאַלט פון דער — ניטאָ.

פון וועלט'ס בלינדער גייציקייט געטאַדלט,
זיין נשמה איז מיט פינצטערע סמנים אָנגעפילט,
און געלאָדן מיט געפאַרן פאַר דער וועלט.

וואָס פאַר אַ מהלך ס'איז צווישן אים און שרף !
אַ שקלאַף צו אַרבעט אַ געשמידטער, וואָס פאַר אים איז
פּלאַטאָן און דער שוואונג פון ליכטיקע פּלעיאַדן ?

און וואָסער אַ ווייטער גרייך צו הויכן פון אַ ליד,
דעם מאָרגן־ברוך, דאָס רויטלען פון אַ רויז ?
לייד פון פילע דורות אָטעמען דורך זיין וועזן.
אַ דראַמע פון דער צייט ליגט אין זיין העסלעכן הויקער;
דורך אַזאַ מין נפש די מענטשהייט איז פאַרראַטן,
ירושה׳לאָז געבליבן, באַליידיקט און באַשפּיגן!
שרייט זי מיט פּראָטעסט צו די ריכטער פון דער וועלט —
אַ פּראָטעסט, וואָס איז אויך גלייכצייטיק אַ נבואה.

אָ, לאָרדן און הערשער מעכטיקע פון אַלע לענדער!
איז דאָס אַ מתנה אייערע פאַר גאָט —
אָט־דער מאָנסטער מיט אַ פאַרלאָשענער נשמה ?
ווי קענט איר אויסגלייכן אַזאַ פאַרקריפּלטע געשטאַלט,
און ווידער אים באַהעפטן מיט אומשטערבלעכקייט ?
צוריק אים געבן מענטשן־ווירדע און דאָס ליכט,
איינפלאַנצן צוריק אין אים מוזיק און העלע טרוימען;
פאַרריכטן ווידער אַלטע, וויסטע קריוודעס,
און די וואונדן אומהיילבאַרע פאַרהיילן ?

אָ, לאָרדן און הערשער מעכטיקע פון אַלע לענדער!
ווי אַזוי וועט זיך די צוקונפט רעכענען מיט אים ?
ווי אַזוי וועט איר פאַרענטפערן אין יענער שעה
זיין ברוטאַלע פראַגע,
ווען שטורעמווינטן פון רעוואָלט
וועלן אויפטרייסלען די וועלט ?

וואָס וועט דאַן פּאַסירן מיט מלכים און די מלוכות,
וועלכע האָבן אַזאַ וועזן אויסגעפורעמט;
ווען טעראָר דער שטומער וועט ענטפערן פאַר גאָט,
נאָך אַ שווערן שווייגן פון פולע הונדערט יאָר?

# צו אַ וואַסער־פויגל

פון וו. בריינט

וואוהין, אין מיט פאַלנדיקן טוי,
ווען הימלען גליען מיט לעצטע שפורן פונם טאָג,
ווייט, דורך ראָזעווע טיפן, פאָלגסטו נאָך
דיין איינזאַמען וועג?

אומזיסט דער פויגל־יעגער וועט
נאָכשפירן דיין פליען דיר שלעכטס צו טאָן,
ווען דו, ווי אַ טונקל־געמאָלענע פיגור, וועסט
דורכפלאַטערן אין בלוט־רויטן הימלס־רוים.

זוכסטו דעם גליווערדיקן ברעג פון אַ
געמויזעכץ, צי אַ ראַנד פון ברייטן טייך?
צי דאָס אָרט אויפן ברויזנדיקן ים, וואו כוואַליעס
וויגנדיקע שטייען־אויף און זינקען?

ס'איז פאַראַן אַ מאַכט, וואָס זאָרגט שוין
און צייכנט אָן אַ וועג איבער דער
שפורלאָזער לופט פון מדבר,
דו זאָלסט אין דיין וואַנדערונג ניט פאַרלאָרן גיין.

אַ גאַנצן טאָג האָבן געפאָכעט דיינע פליגל
איבער דער הויכער ווייט, דורך ספּערע דין און קאַלט;
איצט נידערסטו צו דער געוואונטשטער ערד —
דאָך ביסט ניט מיד, הגם ס'פאַלט שוין טונקלקייט פון נאַכט.

עס וועט אינגיכן זיין דיין מי צו ענדע,
וועסט געפינען באַלד דיין זומער־היים און רו,
און וועסט מיט דיינע פריינט צוזאַמען טומלען,
און וואַסער־פלאַנצן וועלן בויגן זיך איבער דיין
פאַרבאָרגענער נעסט.

ביסט אַוועק! עס האָט דעם הימלס תהום
דיין פֿאָרם איינגעשלונגען. דאָך טיף האָסטו
ביי מיר אין האַרצן אַ לערע איינגעקריצט,
וואָס אויסמעקן וועט צייט שוין גרינג אַזוי ניט קענען:

אַז דער וואָס האָט דורך גרעניצלאָזן הימל
געשטאַרקט דיין פֿליגל, און געבראַכט דיך צו אַ ברעג,
וועט אויך מיין איינזאַם לעבנס־גאַנג און וואַנדער
דערפֿירן צו אַ רעכטן ציל און וועג.

# ים-פיבער

פון **דזשאָן מייספילד**

כ׳מוז ווידער גיין צום איינזאַמען ים און הימל, וואָס ציט
אַוועק זיך אָן אַ ברעג;
און אַלץ וואָס כ׳בעט איז: אַ שטאַרקע שיף און אַ שטערן,
וואָס ווייזט אָן אַ ברעג;
און אַ ראָד־קלאַפּ, אַ ליד פונם ווינט, און פון ווייסע זעגלען
דאָס וויגן,
און גרויען נעפּל אויפן פּנים פון ים, נאָך איידער די זון
איז געשטיגן.

כ׳מוז ווידער גיין צום ים, צום ציגיינערשן וואַנדער־לעבן,
ווייל זיין ווילדן קלאָרן רוף איך קען ניט ווידערשטיין;
און אַלץ וואָס כ׳בעט איז: אַ ווינטיקן טאָג און יאָגנדיקע
וואָלקן־רייען,
כוואַליע־שפּריי, זודיק שוים, און פון מעוועס דאָס שרייען.

כ׳מוז ווידער גיין צום ים, צום ציגיינערשן וואַנדער־לעבן,
צו די וועגן פון וואַלפיש, שאַרפן ווינט, פון מעוועס, וואָס
טוען דאָרט שוועבן;
און אַלץ וואָס כ׳בעט איז: אַ מיטפאָרערס מעשה פון
דרייסטקייט און גליק־זוכעריי,
און אַ רויִקן שלאָף מיט אַ חלום אַ זיסן, ווען דאָס אַלץ
איז פאַרביי.

# אַ מיידל פון היראָשימאַ

(פון טערקיש)

פון **ניזים היקמעט**

דאָס קלאַפּ איך אין אייער טיר — איך, וועלכע
האָט געטאָן עס פיל מאָל פריער.
אויב איר זעט מיך ניט — זייט ניט אומרואיק —
קיינער זעט מיך ניט. כ'בין דאָס מיידעלע וואָס איז טויט.
געווען בין איך דאָ מיט צוועלף יאָר צוריק — געדענקט?
מיך געטראָפן האָט דער טויט אין היראָשימאַ.
כ'בין געווען אַ פּיצל קינד — בלויז זיבן יאָר אַלט —
און טויטע קינדער וואַקסן ניט מער.
צוערשט פייער האָט אַ כאַפּ־געטאָן די האָר,
דערנאָך די אויגן און די הענט.
מיין גאַנצער קערפּער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ קופּקע אַש,
וואָס דער ווינט האָט אַרויפגעטראָגן צו די הימלען.
גלויבט מיר, כ'פאַרלאַנג גאָר ניט פאַר זיך זעלבסט;
מיך וועט שוין קיינער פאַרוויגן מער צום שלאָף.
דאָס קינד וואָס איז פאַרברענט ווי אַ בויגעלע פּאַפּיר,
קען ניט פילן מער דעם טעם פון אייערע צוקערקעס.
איך קלאַפּ אין אייער טיר און בעט: הערט מיך אויס
און פאַרשפּרעכט צו געבן מיר נאָר איין מתנה:
אַז איר וועט קיינמאָל מער הרגענען די פּיצלעך,
וואָס ווילן בלויז צוקערקעלעך פון אייך.

# אינהאַלט

## ביים ים



## צו העלען

## צו נאָענטע, פריינט און באַקאַנטע



## פון דאָ און דאָרטן

## נאַטור־לידער

## סאָציאַלע מאָטיוון

## פון פרעמדע קוואַלן

(איבערזעצונגען)





# טעות אויסבעסערונג

| זייט | שורה | געדרוקט: | דאַרף זיין: |
|---|---|---|---|
| 15 | 2 | און פיל אומעטיק סתּם | און פיל גוטמוטיק סתּם |
| 58 | 12 | דערמאָנט עס ניט אָן אַ פליג, וואָס זינגט | דערמאָנט עס ניט אָן אַ פויגל, וואָס זינגט |
| 99 | קעפּל | נאַכט־מאָטיוון | נאַכט־מאָטילן |
| 136 | 1 | לאָמיר, חברטע | לאָמיר חברטעס |
| 137 | 18 | באַזיגטער פונם ים אין צאָרן | באַזיגער פונם ים אין צאָרן |